י. פּאַפּיערניקאָוו

# פרוכט פון ווינט

(געקליבענע לידער)



אַרויסגעגעבן פונעם י. פּאַפּיערניקאָוו־קאָמיטעט
ביי דער יידישער קולטור־פעדעראַציע
יאָהאַנעסבורג — 1952

# באַמערקונגען

דער בוך לידער א.נ. „פרוכט פון ווינט", איז א פארבעסערטער און פאַרגרעסערטער אָפּקלייב פון מיינע שוין פון־לאַנג־דערשינענע קליינע לידער־זאמלונגען „די פיר־און־צוואנציקסטע שעה" און „אָנוווקס", און פון א סך שפּעטער־געשריבענע לידער, וואָס א קליינע טייל פון זיי, האָב איך פאַרעפנטלעכט אין פאַרשידענע צייט־שריפטן און ליטעראַרישע זשורנאַלן.

איך גיב די לידער נישט כראָנאָלאָגיש, ווי זיי זענען געשריבן־געוואָרן, נאָר איינגעטיילט און גרופּירט לויט זייער טאָן און כאַראַק־טער־ענלעכקייט. אגב, זענען ביי מיר אַ סך דאַטעס פאַרלוירן־געגאַנגען צוזאַמען מיט די לידער, אין זייער ערשטן אָנוווּרף.

צוליב דער גרויסער צאָל פון מיינע ליבע־לידער, וואָס איך וועל ביי דער ערשטער מעגלעכקייט אַרויסגעבן אין אַ באַזונדערע זאַמלונג — נעם איך זיי אינעם איצטיקן בוך נישט אריין.

ביי דער געלעגנהייט וויל איך אויך באַמערקן, אז א סך לאַנגע יאָרן וואָלטן נאָך אַוועק, ביז די דאָזיקע לידער מיינע וואָלטן געפונען א תיקון אונטער די טאָוולענע ווענט פון אַ בוך — ווען נישט דער י. פּאָפּיערניקאָוו־קאָמיטעט ביי דער יידישער קולטור־פעדעראַציע אין יאָהאַנעסבורג, וועמען איך דריק אויס מיין אויפריכטיקסטן, האַר־ציקסטן דאַנק.

**דער מחבר**

# רעטושן צו מיין אויטאָפּאָרטרעט *)

היות אַז אויטאָביאָגראַפיע איז גלייכצייטיק אויך דער אויטאָ־פּאָרטרעט — ווייל איך צו מיין אויטאָפּאָרטרעט צוגעבן עטלעכע רעטושן, שטריכן אַזעלכע, וואָס ליגן אין־דער־טיף פון דער מענטש־לעכער פסיכיק, און קומען שווער און זעלטן אַרויס אויף־דער־פלאַך.

למשל: מיין זין פאַר לעבן, חוש פאַר צייט, און געפיל פאַר נאַטור.

ווען מען זאָל מיך א שטייגער היינט נאָך, ווי יונגערהייט — פרעגן, וואָס איך האָב ליבער פון אַלע צייטן יאָר, צי דעם זומער, אָדער ווינטער; צי דעם האַרבסט, אָדער פרילינג — וואָלט מען מיך געברענגט אין פאַרלעגנהייט, ווי מען ברענגט אין פאַרלעגנהייט א קינד, בעת מען פרעגט עס וועמען ס'האָט ליבער, דעם טאַטן צי דער מאַמען, און ס'ענטפערט:ביידן — כאָטש עמעצן פון ביידן האָט עס זיכער ליבער.

כ'האָב ליב די נאַטור אין אַלע צייטן יאָר, און מיט אַלע אירע דערשיינונגען. פיינט האָב איך נאָר, ווי דאָס האָבן פיינט אויך די „שטערבלעכע": א לאַנגן, פוילן רעגן, וואָס עסט זיך איין אין די ביינער, און מאַכט בלאָטיק נישט נאָר דעם מאַנטל, נאָר אויך די נשמה . . .

איין נאַטור־דערשיינונג, וואָס איך האָב פיינט, ווייל זי שרעקט מיך ווי יעדער צעשטערערישער כוח, איז: א ווינט, א שטורעם־ווינט, וואָס רייסט זיך פלוצלינג אָפּ ווי א הונט פון קייט, און נעמט נישט מיר, נישט דיר — רייסן דעכער, ברעכןביימער, און אָנטראָגן א גע־וויסער, וואָס זאָל פאַרשווענקען און פאַרטרענקען אין גערטנער און פעלדער, די ברכה פון דער ערד. מערקווירדיק איז אָבער דאָס, וואָס בעת אַזא ווילדעווען, ווילט זיך מיר פאַר שרעק און אומרו דווקא זיין מיטן שטורעם אינדרויסן אונטערן פרייען הימל — כדי צו פילן זיך זיכערער, ווי אונטערן דאַך און צווישן די פיר ווענט, דורך וועלכע איך הער ווי די וועלט קערט זיך איבער . . .

אַזא ענלעך געפיל פון פחד און נאָך מער, פון אומרו—האָב איך

---

*) פון א נישט־פאַרעפנטלעכט בוך אויטאָביאָגראַפישע בלעטלעך.

דאן, ווען עס ברעכט אויס א געזעלשאפטלעכער שטורעם פון סאציאלן באדייט און כאראקטער: א שטורעם וואס קומט צום אויסדרוק דורך מאניפעסטאציעס און דעמאנסטראציעס. אזא שטורעם לאזט מיך אויך נישט איינזיצן אין שטוב, און יאגט מיך ארויס אין גאס, כדי צו פילן זיך זיכערער און שטארקער, צוזאמען מיט די מאסן פראטעסטירנדיקע און רעוואלטירנדיקע — די שוואכע און געדריקטע.

פאראן אבער צייטן, ווען איך זוך דעם שטורעם און רוף אים אפילו קינסטלעך ארויס, כדי אויפצורודערן די בלוטן פון מיין זעלישער און גייסטיקער פארגליווערונג, ווי עס טוט עס דער, וואס רוט ווי אן אדלער הויך אויף א שפיץ פון א פעלזיקן אפשניט, און ווארפט פון צייט צו צייט אראפ א שטיין — כדי צו הערן ווי עס פאלט, צעברעכט זיך און צעשיט זיך, און וועקט די פארביסענע בערגיקע שטומקייט ארום זיך, און אין זיך. מיט אזא געמיט־צושטאנד, האב איך נישט איינמאל א פארגאנגענער איינער אליין אין דער טויבער גערידיכטעניש פון וואלד—אנגעכאפט א בוים פאר א צווייג, ווי א הירש פאר א הארן, און מיטן גאנצן כח אים א בראך־געטאן, כדי צו צעטרייבן די וואלדיקע שטילקייט, און צו הערן אין אפהילך, אז כ׳בין אויף דער וועלט נישט אליין . . . מיט אזא געמיט־צושטאנד, וואלט איך זיך גערן געלאזט אין שטורעם פון וואנגערס דעמאנישקייט, כאטש נאענט צום הארץ איז מיר די עלעגישע פארטראכטקייט פון גריגס „פערגינט״.

ס׳איז העכסט ווארשיינלעך, אז מיין פחד פאר שטורעם, איז דער פחד פאר דער סטיכיע, די בלינדע סטיכיע, מיט וועלכער מען קאן קיינמאל נישט זיכער־זיין, וואס זי ברענגט מיט זיך: ברכה אדער קללה; ס׳איז אלזא פחד פארן לעבן; ריכטיקער: פחד פארן טויט און פאר ליב־האבן דאס לעבן, אפילו ווען מען פארשעלט עס . . .

צוליב מיין ליב־האבן דאס לעבן, צו וואס כ׳האב א גאנץ לעבן זיך געריסן, ווי א געפענטעטער אדלער — האב איך ווי דעם שטורעם־ווינט, פיינט געהאט און טראג נאך היינט א שנאת־חינם צום אומשולדיקן זייגער; א שנאה פאר זיין אומאויפהערלעך ווייזן און דערמאנען מיר די צייט, וואס לויפט, אנטלויפט, און טראגט מיין נישט אויסגעלעבט לעבן, ווי א רייט־פערד טראגט אויף זיך א טויטן רייטער . . .

כ׳וועל זיך נישט שעמען און אויסזאגן אן אלט־באהאלטענעם סוד, אז צוליב דער דאזיקער שנאה מיינער צום זייגער, האב איך אלס היבש־דערוואקסענער בחור שוין, נישט געקאנט זיך אויף קיין זייגער, מחמת כ׳האב אויף אים קיינמאל נישט געוואלט א קוק־טאן, ווי מען וויל נישט קוקן אויף א שונא . . .צו מיין אומגליק איז אינדערהיים ביי טאטע־מאמע געווען אזא שונא אין שטוב. א זייגער א גרויסער,

א מאסיווער, א וואנט־זייגער, וואָס געקלונגען האָט ער שווער און דראָענדיק, ווי דאָס קלינגען פון א גלאָק אין „טומאה" בעתן ארוים־טראָגן פון איט א מת... דערפאר האָב איך אָבער געהאַט דאָס „גליק" וואָס מיין בר־מצוה איז דורכגעגאנגען ווי אומבאמערקט, און ס'איז קיינעם נישט איינגעפאַלן צו שענקען מיר אַ זייגער, אזוי, אז כ'האָב אין מיין לעבן קיינמאָל קיין זייגער נישט געהאַט, האָב נישט, און וועל שוין ווייזט אוים נישט האָבן. אגב, איז מיר דער זייגער נישט אזוי נייטיק, ווייל איך פיל זי די צייט, נאָך איידער זי קומט, — ווי עס פילט זי דער וואנדערפויגל . . .

צוליב מיין ליב־האָבן דאָס לעבן פאר וועלכן עס שלאָגן זיך אייביק, רויבער און בארויבטע — האָב איך פון דער פריסטער יוגנט ביז היינט, געלייקנט און פאַרלייקנט מיינע יאָרן, ווי עס טוען עס פרויען און דיכטער . . .

צוליב פּחד פאר דער עלטער, האָב איך נאָך אין מיין לעבן קיינעם נישט געפרעגט ווי אַלט ער איז. מיט דער דאָזיקער פראגע האָב איך פשוט נישט געוואָלט אָנטרעטן ווען אויף מיינע הינערוויגן...

די צווייטע פראגע, וואָס כ'האָב נאָך אין מיין לעבן קיינעם נישט געשטעלט, איז: פון וואָס לעבסטו? אזא פראגע האַלט איך, איז אומ־דיסקרעט און אומטאַקטיש, און ווירקט באַליידיקנדיק, ווי דאָס פרעגן מיט וועמען לעבסטו . . .

דאָס איז בערך אַלץ, מיט וואָס כ'האָב געוואָלט רעטושירן און דערגאנצן מיין אויטאָביאָגראפישן אויטאָפּאָרטרעט.

י. פּ.

# פרוכט פון ווינט

מיין ליד איז לאנג שוין רייף און איבעררייף,
איז לאַנג שוין צייטיק, איבערצייטיק,
ווי אַן עפּל,
וואָס עס קלאַפּט פון בוים אראָפּ דער ווינט,
און — פאַלט מיט שטילן ווייטיק,
ווי אַ קעפּל
פון א קינד —
אין שטויב פון דריערד.
דעם ריס האָט נאָר דער בוים אַליין געהערט ;
א ציטער האָט געטאָן דער צווייג אַליין,
און איך, דער סעדער, האָב געוווּסט,
אַז איבער די געפאַלענע אַריבערגיין
קאָן יעדער :
ווער, מיט שטיוול־טריט,
און ווער, מיט רעדער
פון א וואָגן ; —
האָב איך זיי אליין צונויפגעקליבן,
האָב איך זיי אַליין צונויפגעטראָגן,
און אַליין אַרויסגעפירט אין מאַרק אצינד —
פאַרקויפן ביליק, לידער וווּנדיקע,
ווי פרוכט פון ווינט.

*

מיט איכה האָב איך אָנגעהויבן מיין געזאַנג,
מיט איכה גייט אַוועק מיין יעדער טאָג,
ס׳באַגלייט א טרויער־ניגון מיך אין גאַנג,
און כ׳קלאָג . . .

נאָר ס׳איז נישט אזוי שלעכט מיר, ווי דער פרעמדער מיינט,
און כ׳בין נישט אזוי אָרעם, ווי מען זעט; —
פון טרויער שלאָגט מיין ליכט, און כ׳בין געקריינט,
ווען כ׳בעט . . .

וואַרשע, 1924

*

כ׳געפין זיך א גענידערטער אין תהום פון אייגן  א י ך,
ווו ס׳זענען פעלזיק אַנגעוואַקסן שטיין אויף שטיין,
ווו כ׳גיי מיט אויגן־לעמפלעך צוויי, געצונדענע אין זיך,
און זוך דעם רויען סוד אין הייל פון מיין געביין.

צעלאָפּן ליגט די פינצטערניש, זיגזאַגיק, ווי א שלאַנג,
און ס׳האַקט די שטיינער טראָט נאָך טראָט די שאַרף פון מיין געדאַנק.

וואָס ווייטער כ׳גיי, אַלץ ווייטער ציט די ווייטקייט זיך מיר אויס,
וואָס טיפער כ׳זינק, אַלץ טיפער וואַקסט די טיף מיט מיר,
און כ׳ווייס נישט צי איך וועל נאָך ווען פון זיך אַליין אַרויס,
צי כ׳וועל געפינען אויף צוריק פון לאַבירינט די טיר.

ווארשע, 1923

*

באַשערט מיר צו זינגען פאַר נאָנטע פון ווייטן,
באַשערט מיר צו זינגען פאַר ווייטע פון נאָנט,
און הערן מבינות־נגינה פון לייטן,
וואָס ווערן אין קרילאָוום א פאבל דערמאָנט . . .

באַשערט, אז דאָס וואַרעמסטע ליד מיינס זאָל ווערן
געטראָגן אויף הפקר׳ע ליפּן פון ווינט,
מיין זמר זאָל הינטער די פּאַרקנס צעשטערן
די רו, און צערייצן, צעבילן די הינט . . .

וואַרשע, 1923

*

כ'וויים נישט וואָס'ער וועג ס'איז גלייך,
כ'וויים נישט וואָס'ער וועג ס'איז קרום,
ס'איז גוט מיר דאָרט, ווו כ'בין נישטאָ,
און שלעכט מיר ווו איך קום.

גיי איך סתם אַזוי אַ גאַנג,
שטעל זיך בלינדערהייט אין קאָן,
מיך ציט דער בונטער גלאַנץ און רויש,
און ס'פלאַטערן פון יעדער פאָן . . .

תל-אביב, 1924

*

לאנג שוין, ווי עס פרילינגט נישט און ס'זומערט נישט מיין גאָרטן,
ס'וואַכן נישט און ס'בליִען נישט קיין בלומען אויף אין אים,
ס'קומען נישט און ס'זינגען נישט קיין פייגל פון די ביימלעך,
ס'הערט זיך נישט ביי מיר אין ווייסן הויז קיין פרויען־שטים . . .

לאַנג שוין, ווי עס וואַקסן נישט ביי מיר אין סאָד קיין פירות,
אָפּגעבונדן ליגט דער הונט און וואָיעט אין־דער־שטיל,
זשמורעט מיט פאַרטרערטע אויגן אין דער פוסטער גראָקייט,
דרייט דעם קאָפּ און זוכט צו טאָן אויף עמעצן א ביל . . .

וואַרשע, 1924

*

ס׳הויערן אויף מיינע אַקסלען בערג מיט לאַסט פון לײדן,
הויערן מיט פּינף און צוואַנציק ווינטערן־זאַוויי;
ווי צו קישנס — פּאַלט מיין קאָפּ מיט שווערקייט צו, צו זיי,
און חלומט וואַרעמקייט אַרוים פון ווייכן, קלאָרן שניי.

שיינט די זון אויף מיינע אַקסלען, בלאַנקט מיין צער און זילבערט,
שטראַלט פון יעדן באַרג אַראָפּ אַ קאַלטער אָרעאָל,
ס׳רינגען דינע ריטשקעס פון דער שניי־געשטייפטער שאָל,
און ס׳פּלאַצט דאָס אייז ביי מיר אין האַרץ, און ס׳רירט דער
קוואַל אין טאָל.

תל-אביב, 1924

*

כ׳פאל פון יעדן ליכט אַרויס, אַ שאָטן,
צעלייגט אויף אַלע פיר, אין אויסזען פון אַ הונט,
און כ׳וועל אין וועג פון אַלעמען געטראָטן,
און קיינער זעט נישט מיין צעברענטע וווּנד.

ס׳גייען גייער איבער מיר אַריבער,
מיט פיס אין פרויען־שיך און שווערע שטיוול־טריט,
און כ׳ליג אַזוי אין ווייטאָקפולן פיבער,
און זינג אין שאָטן מיין דערהויבן ליד.

וואַרשע, 1924

*

כ׳וועל אזוי שוין אָפּלעבן א לעבן אין־דער־שטיל,
און היטן די חלומות, ווי אַ טויבן־נעסט אין מיר,
און הערן ווי פון טויטער שטילקייט סקריפּעט אזש דער דיל,
און ס׳עפנט זיך פון זיך אַליין ביי מיר אין שטוב די טיר.

הערן, און נישט אויסדרייען אַהין צום שוועל דעם קאָפּ,
נאָר זיצן רואיק, קוקן אויפן גראָען פלעק פון וואַנט,
און ציען זיך בדמיון מיט מיין אָרעם גוטס און האָב
אַריבער אין אַ לאַנד, וואָס איז נאָך קיינעם נישט באַקאַנט.

תל-אביב, 1924

*

גייט נאָך, נאָך מיר בסוד און שטיל,
א טרויעריקער פארגעפיל,
און רוימט מיר אין די אוירן איין:
ס'וועט עפּעם זיין! ס'וועט עפּעם זיין ! . . .

ער גייט אויף מיינע וועגן מיט,
און פלאָנטערט זיך אין מיינע טריט,
און זאָגט אין שרעק מיר, ווי א קנעכט:
— מיין האר! ס'איז שלעכט מיט דיר, ס'איז שלעכט . . .

ווארשע, 1924

*

טרויער, גיי איצט, גיי פון מיר !
כ׳וואַרט היינט אָפּ אַ גאַסט: די פרייד,
נישט באַגעגן זיך מיט איר,
ווייז זיך נישט אין שווארצן קלייד ! . . .

הערסט ווי ס׳האַרץ מיינס שלאָגט און שפּרינגט,
טאַנצט אַנטקעגן אירע טריט?
הערסטו ווי זי גייט און קלינגט,
זינגט אַ ליד אויס, נאָך אַ ליד?

טרויער, גיי איצט, גיי פון מיר !
כ׳האָב שוין וויין צום טיש געגרייט,
איידער לעבן דאָ מיט דיר —
בעסער שטאַרבן מיט דער פרייד . . .

וואַרשע, 1924

*

כ׳בין שטום פון צער, ווי שטום עס איז די שכינה,
כ׳שוויַיג און גיי א שוויַיגנדיקער דורך מיַין גראָען וועג,
מיַין שפּראַך פֿאַר אַלץ און אַלע איז — נגינה,
מיט איר באַגלייט איך, ווי לוויה׳ס, אַלע מיַינע טעג . . .

צו וואָס גערעדט? דאָס מויל וועט נישט דערזאָגן !
ס׳וואָרט ליגט אויף־דער־פּלאַך, דער טרויער אין־דער־טיף,
און ס׳האַרץ וועט צו דער צונג זיך נישט דערשלאָגן,
ווי ס׳קאָן צום ברעג נישט צו א טרענקענדיקע שיף . . .

וואַרשע, 1924

*

פון טאָג צו טאָג — אלץ מערער בערג מיט אייז,
פון נאכט צו נאכט — אלץ פינצטערער דער וועג,
אָ גאָט, מיין גאָט! באַווייז א נס, באַווייז,
און פיר מיין שיף בשלום צו אַ ברעג . . .

ס'איז צייט שוין, צייט, ארוים פון שטורעמס קרייז,
שוין צייט דערפילן באָדן, היים און לאנד,
אָ גאָט, מיין גאָט! באַווייז א נס, באַווייז,
און פיר מיין שיף אוועק פון שווארצן ראנד . . .

**ווארשע, 1924**

*

מיין בראָך דאַרף צו האָבן ס'געבריל פון געבונדענעם לייב,
מיין פּיין — דאָס געברום פון צעבלוטיקט-געפאלענעם בער,
מיין ווי דאַרף צו האָבן ס'גערוואָי פון פאַרהונגערטן וואָלף,
מיין קלאג — דאָס געהייל און ס'גערוויין פונעם ווילדן שאַקאַל . . .

דערפאַר בין איך שטום, אזוי שטום, ווי א שטיינערנער פעלז,
און קאַלט ביי דעם ברעג פון צעשטורעמטן רווישיקן ים,
עס דרעמלט מיין כוח און וואכט, ווי דער קראַטער אין שלאָף —
צו זאמלען לאווינעס, און פייער — צו שפּייען אויף אַלץ . . .

תל-אביב, 1924

*

עס קערן זיך ברוגזע אָפּ מיינע טעג,
פארגייען באליידיקט פון מיר און פאַרשעמט, —
איך באַגעגן זיי קאַלט אויף מיין איינזאַמען וועג,
און כ'באגרים זיך מיט זיי, אזוי בלאַס, אזוי פרעמד . . .

דערפאַר זענען חבר מיט מיר מיינע נעכט,
זיי זיצן אינדרויסן מיט מיר אויף די טרעפּ,
שפּינען מעשה'ס פון טויט, פלעכטן שווארץ א געפלעכט,
לאָזן טיפער אַראָפּ איבער מיר זיי'רע קעפּ . . .

וואַרשע, 1924

*

כ'בין אַליין און נישט אַליין —
א שטיין האָט אויך זיין ברודער — שטיין,
מיט מיר — דער ווינט
און גאסן־הינט,
מיט מיר — בין איך,
און איך מיט זיך —
בין אַלץ, בין אַלץ —
אַפילו ווען דער חלף ליגט מיר אויפן האַלדז.

וואַרשע, 1924

*

נישט דאָס האָב איך געמיינט, נישט דאָס האָב איך געוואָלט,
נישט דאָס האָב איך געזייעט, וואָס איך שנייד ;
איך האָב אין אַלץ געגלויבט, געזען נאָר ליכט און גאָלד,
און נישט באַמערקט דעם שאָטן ביי דער זייט . . .

נישט דאָס האָב איך געהאָפט, נישט דאָס האָב איך דערוואַרט,
נישט דאָס האָב איך באַקומען, וואָס מיר קומט;
מיך האָט גערופן וואָס, און ס'האָט די ווייט געגאַרט,
און מיר דעם וועג, דעם גלייכן, אויסגעקרומט . . .

נישט דאָס האָב איך געבענקט, נישט דאָס האָב איך געטרוימט,
נישט דאָס האָב איך געזייעט, וואָס איך שנייד;
מיין פרילינג איז אַוועק, דער זומער האָט פאַרזוימט,
און האַרבסט איז שוין אויף פירות נישט די צייט . . .

וואַרשע, 1924

*

זאָל זיין, אַז איך בוי אין־דער־לופט מיינע שלעסער,
זאָל זיין, אַז מיין גאָט איז אינגאַנצן נישטאָ,
אין טרוים איז מיר העלער, אין טרוים איז מיר בעסער,
אין חלום — דער הימל, נאָך בלאָער פון בלאָ . . .

זאָל זיין, אַז כ׳וועל קיינמאָל צום ציל נישט דערלאַנגען,
זאָל זיין, אַז מיין שיף וועט נישט קומען צום ברעג;
מיר גייט נישט אין דעם, איך זאָל האָבן דערגאַנגען,
מיר גייט נאָר — דער גאַנג אויף אַ זוניקן וועג . . .

ווארשע, 1924

*

אויף אַלע שיפֿן וואָלט איך אויפֿגעשטיגן
און אַרומגעשלעפּט זיך טעג און וואָכן לאַנג,
זיך צוגעהערט צום ים׳ס צערוישטן ניגון
און געזונגען מיט מאַטראָזן דאָס געזאַנג
פֿון בענקשאַפֿט נאָך אַ ברעג.

כ׳וואָלט מיטגעהאָלפֿן פֿאַנגען פֿיש, די פֿישער,
פּערלער — פּערל זוכן אין־דער־טיף,
פֿון ים־געררוך אַ מונטערער, אַ פֿרישער,
וואָלט איך מיט מאַטראָזן אויף דער שיף,
געטאַנצט אַ הפקר־טאַנץ.

אַזוי וואָלט איך פֿון ים צו ים געצויגן,
בלאָנדזשענדיק פֿון העלן ראַנד צו ראַנד,
דורך שטורעם־ווינטן, נעפּלען, רעגן־בויגנס,
צו מיין ליבטיק אויסגעחלומט לאַנד,
ווו ס׳וועט די שיף נישט צו.

תל־אביב, 1925

*

מיט די וועגן אויף די וועגן,
ליגט מיין וועג צעווישן אַלע.
שטיל און איינזאַם ווי אַ סטעזשקע,
נאָך פון קיינעם נישט באַטראָטן,
טראָגט ער טעג און נעכט אַריבער
ווי די לאַסט פון שווערע וואָגנס.
איז ער טיף און איינגעשניטן
ווי אַ וווּנד אַ נישט־פאַרהיילטע,
ציט ער ווייט זיך, הויך און העכער,
און פאַרלירט זיך אין די הימלען . . .

תל־אביב, 1925

*

כ׳בין אומעטום דערוויילִיק ווי אַ גאַסט,
דער אומרו יאָגט אַהין ווו כ׳בין נישטאָ,
און כ׳גיי אַזוי אַרום מיט פּוסט און פּאַסט
און לאַסט פון יעדער לאַנגווייליקער שעה . . .

כ׳האָב קיינמאָל נישט פאַר זיך קיין קלאָרן וועג,
כ׳ווייס קיינמאָל נישט צו וואָס איך קום און גיי.
און ווי כ׳האָב ליב די שיף וואָס רירט פון ברעג —
דערפרייט מיך אַלץ, און ס׳טוט פון אַלץ מיר וויי...

תל-אביב, 1925

*

כ'וואָלט וועלן דערלעבן און זען ווי ס'וועט אויסזען מיין קינד.

צי וועט עס אויך קומען געצווילינגט מיט עלנט ווי איך,
און ווערן געוויגט אויף דער שוים פונעם הפקרן ווינט,
און זויגן זיין וואָיענדיק קלאַגן, זיין אומעט אין זיך?...

צי וועט עס אויך גיין אויף די איינזאַמע וועגן ווי איך,
און ווערן באַגלייט מיט געביל פון צעבייזערטע הינט,
און טרינקען פון קוואַלן מיט אָפענע מיילער פון שיך?...

צי וועט עס אויך זיין א פארבענקטס, א קאַפּריזנעס ווי איך,
און שווייגן פארטראַגן, אין בלאָע חלומות פארשפּינט,
און יונג — אויך פארלירן די האָר, און באַקומען א פליך?...

כ'וואָלט וועלן דערלעבן און זען, ווי ס'וועט אויסזען מיין קינד.

תל-אביב, 1925

*

איינזאמקייט — מיין לעבנס־שטייגער,
שטילקייט וועקט איר מיר די נייגיר,
ס'ליכט גייט אויף פון מיין אליין־זיין,
ווי דאָס שווייגן קומט פון שיין־זיין...

נישט דעררעדט און נישט דערשריבן —
לעב איך אויס דעם טויט פון ליבן,
שווייג איך אויס דאָס שטומע ווונדער,
אומעטום צו זיין באַזונדער . . .

תל-אביב, 1925

*

כ'וויים נישט, פאַרוואָס טרערט דאָס אויג מיינס פאַר פרייד,
ווען עס זעט ווי די בלום בליט און טרינקט פונעם טוי,
ווי דער עפּל רייסט אויף מיט דער זאַפט פון זיין צייט,
און אין רייפן באַגער וואַשט דאָס לייב זיך, די פרוי.

כ'וויים נישט, פאַרוואָס כ'האָב אַ ליכטיקן צער
פון אַ בלאָנדזשנדן קלאַנג, וואָס מיין אויער דערהערט;
און כ'וויים נישט, פאַרוואָס ווען עס פאַלט עפּעס צו,
פאַלט עס פריער אויף מיר, און פון מיר — אויף דער ערד.

תל-אביב, 1925

*

מיינע אויגן שפּיגלען אָפּ אין זיך די פאַרב פון אַלע צייטן:
זומער, ווינטער, האַרבסט און פרילינג, טאָג און נאַכט;
פון שעה צו שעה
האַלטן זיי זיך אין איין טוישן, אין איין ענדערן און בייטן:
גראָ פון אומעט, רויט פון אויפגאַנג, פון באַגער
און בענקשאַפט — בלאָ.

אויף די ווייסלעכע שטייגן נעפּלען, וואָלקנס נידערן מיט רעגנס,
בליצן, ווינטן, זאַוויערוכעס דרייען זיך אַרום אין זיי,
און אין מיטן אין די אַפּלען, בלאָנדזשעט איינזאַם
הינטערוועגנס,—
אַ פאַרחלומט קליינטשיק מענטשל אין אַ טיפן, טיפן שניי.

תל-אביב, 1925

*

לאָזט מיך, לאָזט מיך זיין אליין !
כ׳בין אין איינזאמקייט מיט אייך,
כ׳זע אייך אלע שיין און ריין
אין מיין פארבאָרגן קעניגרייך...

לאָזט מיך, לאָזט מיך זיין אליין
מיט מיין אייגן אָנגעזיכט,
כ׳וועל אייך קריינען מיט דער קרוין
פון מיין צעשטראלט פארבאָרגן ליכט...

תל-אביב, 1926

*

עפּעס רירט זיך אין מיין טיף,
ס'וואַקסט אַן אומרו מיט מיין טראָט,
ס'וועקט אַ שטורעם זיך אין מיר—
גאָט ! . . .

עפּעס בליצט אַזוי מיין אויג,
ס'גרייט זיך דונערן דאָס האַרץ,
ס'דאַרף אַ נס מיט מיר געשען.
וואַרט'ס ! . . .

תל--אביב, 1926

*

כ׳בין נישט אַלט, און אַלט בין איך, נאָך עלטער ווי איך בין,
און אַלטערהייט—אַזאַ דערוואַקסן קינד;
דאָס חלומט נאָר פון בלאָ, און טרוימט פון ראָז און גרין,
און האָט פון מענטשן ליבער — שטומע שאָף און רינד;
דאָס פרעגט זיך שטענדיק: ווען? און קיינמאָל—וואַהין?
און לאָזט זיך ווי א זעגל פירן פונעם ווינט;
דאָס יאָגט זיך נאָכן רייץ און זעלטן—נאָכן זין,
און צאָלט פאַר רגעס גליק, מיט הייליקייט דורך זינד . . .
כ׳בין נישט אַלט, און אַלט בין איך, נאָך עלטער ווי איך בין,
און אַלטערהייט—אַזאַ דערוואַקסן קינד.

**תל-אביב, 1926**

*

נאָך יעדן ליד, נאָך יעדן ליד —
ווערט אומעטיק מיר, אומעטיק אזוי,
ווי כ׳וואָלט געהערט נאָך מיין געזאנג,
ווי ס׳גוססט אין־דער־לופט
א לעצטער ציטערדיקער קלאנג,
און פאַלט און שטאַרבט
צופוסנס מיין געמיט...

נאָך יעדן ליד, נאָך יעדן ליד —
ווערט פוסט מיר, פוסט אזוי,
ווי אויף א ליידיק פעלד נאָך שניט,
און כ׳הער ווי עמעץ גייט מיר נאָך
נאָך מיינע טויטע טריט
און קלאָגט,
ווי כ׳וואָלט שוין אלץ אוועקגעגעבן,
אלץ וואָס כ׳האָב פאַרמאָגט...

תל-אביב, 1927

*

מיט זילבערנעם ציטער,
באהאלטן אין שטאָל פון דער קאָסע
ביים שניטער—
גיי איך אויף פעלדער,
די כוואליעם די גאָלדענע שניידן,
און קלויבן,
און קלינגענדיק,
זינגענדיק —
ליידן
און לויבן . . .

תל-אביב, 1927

*

גאָט, מיין גאָט,
צו וועמען כ'שיק מיין מאָרגן־לויב
און אָוונט־דאַנק
פאַר יעדן טאָג פון ז י י ן;
גאָט צו וועמען כ'שיק
מיין איינזאַם שטיל און פרום געזאַנג,
ווען כ'קוש פון דר'ערד דעם שטויב,
און הויב זיך אַ געלייטערטער פון פיין;
גאָט, מיין גאָט,
פאַר וועמען כ'גיי אזוי אין שווערן לעבנס־שפאַן;
כ'בין גרייט אויף זיך צו נעמען אַלץ,
וואָס איז פאַראַן —
פאַר ליב,
נאָר כוח, כוח גיב . . .

תל-אביב, 1927

*

כ'טראָג מיט זיך ארום דאָס הארץ פון וואלד :
דעם דינעם רויש, דעם סוד, דאָס טיפע שווייגן,
ליכט און שאָטן, אומעט דורכגעשטראַלט
פון קוקן דורך די פינגער, ווי דורך צווייגן...

פול בין איך מיט געסטן אלערליי,
און פול אין זיי מיט אלערליי געזאנגען,
גוט איז, גוט צו טראָגן ס'הארץ אזוי,
און זיין אליין, אין הארץ פון וואלד געפאנגען....

תל-אביב, 1928

*

אַזויפיל אוצרות גייען מיר פארלוירן אין־דער־טיף!
וואָס לאָזן זיך די פערל־זוכער נישט אראָפּ פון שיף?
וואָס קומען זיי נישט ווען עס שפילט די רו
פון ים'ס צעעפנט האַרץ,
און זינגט אין אומבאַגרענעצטקייט —
לידער פון דער פריי?
פאַרוואָס באַווייזן זיך די זעגלען,
ווען ר'איז אָנגעכמורעט, שוואַרץ,
און שפּייט פאַר כעס מיט כוואַליעס זודיק בליי ? . . .

אוצרות גייען מיר פארלוירן אין־דער־טיף!
וואָס לאָזן זיך די פערל־זוכער נישט אראָפּ פון שיף?....

תל-אביב, 1928

*

כ'וועל ס'גאַנצע לעבן האָבן צו דערציילן וועגן זיך,
און בלייבן ווי אַ גרויסער נישט אַדורכגעליינטער בריוו,
וואָס עמעץ וועט פאַרזיגלט אים געפינען נאָך מיין טויט,
צווישן אַלע כתבים פון מיין טרויריקן אַרכיוו...

ס'האָט קיינער נאָך נישט אויסדערציילט זיין לעבן ביזן סוף,
אַ מענטשלעך האַרץ אַ פּולס, איז ווי אַ טרענקענדיקע שיף,
מען ציט זי נאָכן שטורעם אַ צעבראָכענע אַרויס,
נאָר ס'בלייבט איר שווער־באַלאָדנקייט פאַרלוירן אין־דער־טיף...

תל-אביב, 1928

*

אין גאַס אויפן ברוק, ווי א ממזר ביי טיר און ביי טויער,
אין גאַס איז געבוירן געוואָרן דאָס קינד מיינס — מיין ליד,
וואָס האָט פון די ווינטן געזויגן דעם אומעט און טרויער,
און אין זיך, פאַר פרילינג, געקלאָגט, וואָס דער זומער פאַרבליט . . .

און זעלטן־ווען, זעלטן, ס'האָט אונטערגעשטעלט ווער דאָס אויער,
צו הערן א קלאַנג כאָטש, פאַרנעמען אָן איינציקן ציטער,
מען איז עס פאַרביי און אַריבער אָן מינדסטן באַדויער,
אַריבער, ווי איבערן פעלד — מיט די קאָסעס, די שניטער . . .

אין גאַס אויפן ברוק, ווי א ממזר ביי טיר און ביי טויער,
איז הפקר און אָרעם געוואַקסן דאָס קינד מיינס—מיין ליד,
וואָס זינגט פון דער פרייד, אַז ס'איז דאָ נאָך א הימל א בלויער,
און ריינקייט און טיפקייט פון שטילע און איינזאַמע טריט . . .

רמתים, 1929

*

ס'אַרט מיך נישט, וואָס כ'האָב די פּערל נישט געפונען,
כ'האָב דערפאַר די טיפעניש דערגרייכט,
און פון־דער־טיף, דערהויבן און דערהייכט —
אַרויס צעשטראַלט מיט ליכט פון זיבן זונען.
אַרט מיך נישט, וואָס כ'האָב די פּערל נישט געפונען . . .

תל-אביב, 1929

*

איך האָב שוין פאַר אַלץ, וואָס איז הייליק—געקניט,
און כ׳בין פון די איינזאַמע תפילות שוין מיד.
עס האָט מיך נאָך קיינעמס קיין ברכה באַגלייט,
קיין אָפענע טיר נישט דערוואַרט מיך מיט פרייד.
מיין וועג איז צעלאָפן, זיגזאַגיק און קרום,
און כ׳דריי זיך אויף אים מיט די ווינטן ארום.
און כ׳ווייס נישט ווו  א יי ן,  און כ׳ווייס נישט ווו  א ו י ס,
א הונט האָט קיין היים נישט, א הונט האָט קיין הויז.
צעוואַרף איך מיין לעבן פאר ווינט און פאר הינט
און טייל זיך מיט זיי, ווי מיט גוטסקייט, א קינד . . .

וואַרשע, 1930

*

דער זומער גייט אוועק,
אָ, זומער, נעם מיך מיט.
עס שרעקן מיך די טעג
פון לעצטן שניט,
אָ, זומער, נעם מיך מיט,

ליגט נאקעט שוין דאָס פעלד,
איז אומעטיק און גראָ,
כאָטש שיין איז, שיין די וועלט,
ווי שיין ס'איז בלאָ,
נאָר אומעטיק און גראָ.

עס בליצט מיט הארבסטיק גאָלד,
אין רויטן שקיעה־שיין,
און איך, איך וואָלט געוואָלט
א פויגל זיין —
אין רויטן שקיעה־שיין.

ווארשע, 1931

*

ווילט זיך אָפּט מיר,
ווי א שטיין א וואָרף־טאָן אין־דער־וועלט אריין: געגוג!
און מוחל זיין דאָס גוטס,
און מוחל זיין דאָס שלעכטס,
און טאָן א שפּיי אויף לינקס,
און טאָן א שפּיי אויף רעכטס,
אַ כראַקע אויפן הימל,
און אַ כראַקע אויף דער ערד,
אַ פיר־טאָן מיט דער האנט, ווי מיט אַ חלף אויפן האַלדז,
און מיט דער טיר א קלאַפּ־טאָן פון גאַטס וועלט
און פון גאָטס הויז,
און דאנקען אים פאַר אַלץ,
און אויס . . . און אויס . . .

ווארשע, 1931

*

שטיי איך שטענדיק אַזוי אויף דער שוועל אין דער אָפענער טיר,
קומט ווער טרויעריק אַן פונעם וועג, ווייס איך—גייט ער צו מיר.

כ'האָב א באַנק ביי אַ בוים, וואָס געדיכט איז מיט שאָטן צעצווייגט,
און אַן אויער וואָס הערט, ווען אַ מענטש זיצט געבויגן און שווייגט.

כ'האָב אַן אויג וואָס עס זעט, ווי דורך נעפּלען
פון בלאָקייט פאַרשטעלט,
נאָר ס'דערגייט מיטן בליק אָט אַזוי ביזן סוף פון־דער־וועלט.

ווארשע, 1931

*

איך בין דאָ, איך בין דאָ אומעטום
און אין אַלץ, וואָס מיך רינגלט אַרום:
כ'בין אין הימל, אין ערד און אין בוים,
אויף דער וואָר און אין חלום און טרוים.
און ס'איז גוט אויף דער וועלט, אַזוי גוט,
אַז מען הערט אייגן רויש פונעם בלוט,
אַז מען פילט און מען ווייסט אַז מען לעבט,
און מען איז אינעם לעבן פאַרוועבט,
און מען לעבט זיך אין אין־סוף אַריין,
און מען טראַכט נישט פון אויפהערן זיין —
איז מען דאָ, איז מען דאָ אומעטום
און אין אַלץ, וואָס אונדז רינגלט אַרום.

וואַרשע, 1932

*

כ׳בין אַרויס, אויף שטענדיק שוין אַרויס פון יונגן וואַלד,
געלאָזט אים וואַרעם הינטער זיך, צעגרינט און דורכגעשטראַלט,
מיט קרוינען זוניקע אויף יונגע שטאָלצע סאָסנע־קעפּ,
פון ביימער, וואָס זיי אָנען נישט פון קומענדיקע קלעפּ.

כ׳בין אַרויס פון אים און אין אַן אַלטן וואַלד אַריין,
אַ וואַלד, וווּ פון געדיכטעניש גייט זעלטן דורך אַ שיין,
אין שאָטן גייט דער וואַלד־העקער, מיט האַק און זעג שוין גרייט,
און צייכנט אויף די ביימער אָן מיט זיי דעם משפּט—טויט!...

תל־אביב, 1933

*

קומט זעלטן שוין אויף רו צו מיר די שכינה,
און קומט זי, קאָן זי לאַנג ביי מיר נישט בלייבן,
ווי ס'וואָלט זי אַ פאַרחלומטע, א דינע —
ביי מיר די האַרטע גראָע וואָר פאַרטרייבן.

און זעלטן ווען — באַרירט זי שוין מיין לירע,
וואָס ציטערט האַרבסטיק, ווי א שויב, ווען ס'רעגנט,
און קורץ איז ווי אַן אָטעם־צוג מיין שירה,
וואָס קלינגט אזוי, ווי כ'וואָלט זיך אָפּגעזעגנט.

תל-אביב, 1934

*

כ׳האָב נישט איינמאָל געטראַכט און צו זיך אָט אַזוי אַ גערעדט:
וואָלט איך בעסער געווען אַ רויבער, און נישט קיין פּאָעט,
וואָלט איך בעסער אַ מעסער אַ בלאַנקס געקאָנט לאָזן אין גאַנג,
איידער, קומען צו גיין מיט מיין שטיל און עלעגיש געזאַנג,
און ארומגיין אַזוי ווי אַ שטומער אין גרויסן יאַריד
פון דער וועלט, און פאַרשריגן זיך בעטן אַ ברויט פאַר אַ ליד,
און אַ נאַכט־לעגער פאַר אַ פּאָעמע פון אייגענעם צער,
און פאַרקויפן מיין בלוט, און באַקומען אויף וואַסער דערפאַר,
און אַראָפּ פונעם מאַרק, מיטן טאָג, אַ באַטויבטער פון רעש,
און אַוועקטראָגן מיט זיך דעם אויסברען, די גראָקייט, דאָס אַש,
און די רייד, וואָס איך האָב שוין נישט איינמאָל צו זיך נאָר גערעדט:
וואָלט איך בעסער געווען אַ רויבער, און נישט קיין פּאָעט.

תל־אביב, 1934

*

כ'האָב דאָס ליד מײַנס דערפֿירט צו דער קורצקייט פֿון פֿאַל
פֿון א שטערן,
צו דער שווערקייט פֿון פֿאַל פֿון אַ פּרוכט,
וואָס באַגראָבט זיך אין שטויב,
צו א שטילקייט אַזאַ, וואָס די נאַכט נאָר האָט אוירן צו הערן,
ווי איך טראָג עס, דאָס ליד מײַנס, אַזוי ווי צום חלף—אַ טויב.

כ'האָב דאָס ליד מײַנס דערפֿירט, ווו געווען איז מיר עפּעס פֿאַרבאָרגן,
און עס האָט די אַנטפּלעקונג אַ פֿעטליע פֿאַרלייגט אויף מײַן האַלדז,
אַזאַ פֿעטליע, וואָס ציט זיך מיר אײַן ביז צום ווערן דערוואָרגן
און דערשטיקט, פֿון די פֿערזן, וואָס גראַמען זיך אָפּט מיר מיט—אַלץ.

תל־אביב, 1934

# אַ ליד פאַר הינט

איך, בלאָנקנדע הינט אין די גאַסן—
ס'געשריי פון מיין עלנט דערציייל איך,
איך, בלודנע אויף ווינטיקע דרויסנס —
מיין לעבן, מיין הינטיש — באשריבן;
א דיכטער פון אומעט און בענקשאַפט,—
אין איינזאַמער וויסטקייט, אייך טייל איך
מיין צוטרוי, מיין מענטשלעכע ליבע,—
נישט האָבנדיק וועמען צו ליבן . . .

ס'איז נאָנט אייער מענטשלעכער צער מיר
פון אייערע הינטישע אויגן,
וואָס גליען אין שטומקייט פארגאָסן
מיט פייכטקייט, ווי טרערן פון פילן,
און נאָנט איז מיר אייער סקאַווטשען,
און ס'וויינען און ס'וואָיען צעצויגן,
ביינאַכט הינטער טויר'ן און טירן,
און ס'בילן צום הימל, און ס'בילן . . .

כ'בין אויך אזוי היימלאָז און הפקר,
כ'בין אויך אַזאַ וואָגלער אויף וועגן,
כ'בין אויך אזוי שטום, אזוי הינטיש,
ווי איר אין די גאַסן געטריבן;
כ'האָב אויך אזוי מורא פאר שטיינער,
כ'טראָג אויך אַזאַ בליק, וואָס וויל פרעגן:
— ווו טוט מען אַהין זיך מיט ליבע, —
נישט האָבנדיק וועמען צו ליבן . . .

**תל־אביב, 1926**

## מיין ליד

פון טרויער, צער און פּיין,
איז אויסגעשטאַנען ס׳ליד מיינס אין־דער־טיף,
ווי ביטער־וויין —
געשטעלט
צום טיש פון־דער־וועלט.

לחיים! — ווער עס טרינקט מיט מיר
און זינגט מיט מיר
מיין ביטער־ליד,
אַז ס׳האָט אַ מענטש אַ לעבן לאַנג
געגלויבט, פאַרהייליקט און געקניט,
און איז שוין מיד געוואָרן, מיד
פון חלומען אַ לעבן לאַנג,
און פון אַרומגיין אויפן וועלט־יאַריד —
מיט לידער פון פאַרגאַנג.

לחיים אייך צום צווייטן מאָל! —
ווער ס׳וויל מיט מיר אַראָפּ אין טאָל,
אין קילן טאָל פון מיין געמיט,
ווו ס׳האָט דער אומעט זיך צעבליט,
און קוקט אין שאָטן פון די אויגן מיינע, בלאָ אַרויס,
ווי העלע מאָרגן־שטערנדלעך,
וואָס גייען מאַטע אויס.

# מאַמע־ערד

ערד איז — מאַמע.
מאַמע־ערד;
נאָךביידן בענק איך גלייך,
פון ביידן איז מיר אָפּגעריסן זיין באַשערט,
און ס'גאַנצע לעבן פעלן זיי מיר ביידע,
ס'גאַנצע לעבן מיינס, וואָס פירט מיך
פון עקדה צו עקדה.

ערד איז — מאַמע.
מאַמע־ערד;
איך האָב קיין שטים קיין טיפערע
אין לעבן נישט געהערט, —
ווי זייער שטים, וואָס גייט מיר נאָך
און ווײנט, באַווײנט מיין ריס, מיין בראָך
פון אויסגעוואָרצלטקייט,
ווי כ'וואָלט געווען א בוים, וואָס לעבט
צעהאַקט, צעזעגטערהייט,
און ציט צוריק צו שטאַם, צו ערד,
ווי צו דער ברוסט — א קינד,
און — כ'וואַקס אַזוי א הפקר־בוים,
א שפּיל פאַר יעדן ווינט.

תל־אביב, 1938

# מיין פעלד

איינגעשניטן אין דער ערד,
שטייט אנטקעגן מיין געצעלט —
נישט געשפאנט, דער שווערער אקער
אויף מיין נישט באַארבעט פעלד.

ס'איז שוין פולע זומער־צייט,
בליצט ער קעגן זון און גליט,
און ער בעט זיך: פירט מיך, פירט מיך! —
ס'איז דאָך באַלד שוין צייט פון שניט!

— ווער האָט שטיין געלאָזט מיך דאָ
אָט אַזוי ביים סאַמע ראַנד,
מיט דער שאַרף אין דר'ערד פאַרביסן —
נישט געפירט פון קיינעמס האַנט?

בליצט דאָס שטאָל אַזוי פון פרי,
גליט און לעשט פאַרנאַכט זיך אָפּ;
איבער הייסע טעג, וואָס דורשטן,
לאָזן נעכט זיך, נעכט אַראָפּ.

און דער אַקער ווי געשטאַנען —
שטייט אנטקעגן מיין געצעלט,
נישט געשפאַנט און איינגעשניטן
אויף מיין נישט באַארבעט פעלד.

**וואַרשע, 1931**

# מיין אייגענע שטים

...רעד איך שטענדיק פון זיך
אַזוי נאָנט און אינטים,
און הער קיינעם נישט אויס,
נאָר מיין אייגענע שטים . . .

זאָל איך רעדן פון אַלץ:
פון דער שטאָט, פון טראַמוויי,
פון אַ זעלבסטמאָרד און מאָרד,
אָדער סתם זיך אַזוי: —
פון אַ מלך אין קאָרט
און אַ מלכּה דערצו,
פון אַ גוט גלעזל טיי,
אַ האַוואַנאַ ציגאַר,
פון אַ פוקסן־געיעג,
און פון נעכטיקע טעג . . .

זאָל איך שווייגן פון זיך
און נישט ווערן דערמאַנט,
אַז פּרעמד, אומבאַקאַנט,
אויף די וועגן צו גאָט —
טראָגט אַ מענטש זיך אַרום
מיט אַ בלוטיקן סוד,
וואָס קוקט וווּנדיק און שטום
פון די אויגן אַרויס,
און צעשרייט שטומערהייט
פון זיין בראָך, פון זיין וויי,

פון אַ לעבן אין טויט,
ווי אַ פרילינג אין שניי . . .

רעד איך שטענדיק פון זיך
אזוי נאָנט און אינטים,
און הער קיינעם נישט אויס,
נאָר מיין אייגענע שטים . . .

# וואַרט — מיין קינד

וואַרט — מיין קינד, ווי אָרעם דו ביסט !
כ'האָב נישט מיט וואָס דיך צו קליידן,
מיט וואָס צו פאַרדעקן דיין גופל,
וואָס כ'טראָג מיט ציטער אַרויס
אויף מיינע בעטנדיקע הענט,
ווען כ'קוש דיך זינגענדיק
פאַר צער און ליבע.

וואַרט — מיין קינד.
איך פיל דיין קאַלטן ציטער
אין מיין האַרץ־וויג;
כ'פיל דיין שווערן אָטעם
אין מיין ברוסט;
און טיף און טיפער פאַלט מיין קאָפ
אַריבער איבער דיר,
מיט זאָרג און באַהאַלטענער שרעק
פאַר דיין זיכערן טויט . . .

פון טאָג צו טאָג, אַלץ אומעטיקער
שווייגנדיקער, שטומער —
טראָג איך דיך א בלאָס אַרום,
און זוך פאַר דיר א וואַרעם אָרט,
און כ'ליייג דיך הפקר, בעטלעריש, אַוועק
א נאַקעט'ס אויפן ברוק,
מיין אָרעם קינד — מיין וואָרט.

# מיין צער

אויב ס'איז א גאָט פאראן — זאָל גיין פאר אים מיין צער,
וואָס כ'האָב פון אַלע און פון אַלץ, פון זיין באַשאַף;
כ'האָב צער פון הערשאַפט און געוועלטיקונג פון האַר,
און גרעסער צער, פון אונטערטעניקייט פון שקלאַף.

און צער האָב איך, אַזוי פיל צער פון זיך אַליין —
ווייל כ'קאָן נישט הערשן און נישט אונטערטעניק זיין,
ווייל כ'האָב אויף מיין און קיינעמס קאָפּ נישט ליב די קרוין,
און נישט דעם אויבן אָן, ווו ס'פאַלט איר ליכט און שיין.

איך וויל נאָר וואָס מיר קומט, איך מאָן זיך נאָר מיין שכר,
איך פאָדער נאָר מיין אָרט אויף אויסזינגען מיין ליד,
וואָס איז ביי מיר דאָס קינד, פון וואָס מען האָט נאָר צער —
ווייל ס'גייט אַרום אן אומעטיקס, מיט זייטיק־שטילע טריט.

# צו זיך אַליין

רעד איך אָפּט צו זיך אַליין אַזוי:
— איז וואָס וועט זיין, איז וואָס וועט זיין דיין סוף?
ווי לאַנג נאָך וועסטו חלומען פון בלוי,
אַוועקגעבן פון נעכט דעם שלאָף —
דער פרוי,
און זוכן זי פאַרליבט אין גאַס, בייטאָג,
מיט אויגן פול מיט נעפּל און מיט טוי.

רעד איך אָפּט צו זיך אַליין אַזוי:
— נו זאָג שוין, זאָג,
ווי לאַנג נאָך וועסטו זיין אַ הפקר־קינד,
זיך חבר'ן און לעבן מיטן ווינט?
אַ זעגלשיף וואָס גייט אויף בלינד —
קומט אויך ווען צו צום ברעג.
און ס'פאַלן פון דיין לעבן אָפּ די טעג,
וואָס דו באַזינגסט, באַפּאַרבסט,
ווי ס'פאַלן פונעם בוים די בלעטער — האַרבסט,
און טראָגן זיך אין ווינטיקן זאַווײ,
און איידער ווען און וואָס —
ליגט שניי, ליגט שניי,
און במחשבה רוקט זיך אָן דער טויט,
וואָס פירט דיך איבער ווייסן וואַלד און פעלד,
און שטעלט זיך מיט דיר אָפּ
ביים סוף פון וועלט,
און ווייזט דיר אָן אַ קרומען שוואַרצן פּלויט,
און גייסט אים דורך,
און ס'טירל ווערט פון זיך אַליין פאַרמאַכט,
און איבער דיר פליט אָן אַ קראָ,
זי קראַקעט, קייכט און לאַכט פון דיר, און לאַכט.

# איך, דער וואַגאַבונד

אז דעם גורל ווילט זיך לאכן,
ווייסט ער, ווי זיך פרייליך־מאַכן:
נעמט ער איינעם,
אַזאַ קליינעם,
אַזאַ איינעם
אַט, ווי איך —
א מענטש, וואָס האָט ווי שטום
א לעבן, און א וועלט, פאַרטאָן אין זיך,
ווייל ס׳האָט דער מענטש, (ווי קליין ער איז),
אַ האַרץ אַ שווערס, אַ האַרץ אַ גרויס,
אַ האַרץ, וואָס רייסט זיך ווי א פויגל פון דער שטייג
און וויל אַרויס,
ארויס פון קליינעם, שוואכן גוף,
צום פרייען הילך
פון ווייטן רוף —
נעמט דעם גורל אזא מענטש
און הייסט אים הפקר, הפקר זיין,
און פרייליך טרינקען גאַל און סם
פון זיסן, זוירן, ביטער־וויין,
און גיין דערנאָך אַרויס צום ווינט —
אים פאַרליינען אַ ליד פאַר הינט,
און שפּילן אויף זיין שטילער לירע,
ס׳ליד פון אויפברויז און פון בונט,
פון א פּאָעט — א וואגאבונד.

אז דעם גורל ווילט זיך לאַכן —
ווייסט ער, ווי זיך פרייליך מאַכן.

תל־אביב, 1934

# צו קינדער

כ׳וואָלט א ליד אייך, קינדערלעך, געזונגען —
האָב איך אָבער נישט קיין קינדער־לידער;
וואָלט איך אייך א מעשה׳לע דערציילן —
האָב איך נישט קיין קינדער־מעשה ווידער.

איך האָב לידער, קינדער, נאָר פּאָר גרויסע,
און קיין מעשה׳לעך פון וואַלד און בערן,
איך, אז כ׳זינג ווען, אָדער איך דערצייל־וואָס—
קאָן איך גרויסע ברענגען אויך צו טרערן.

ס׳זענען לידער פון מיין אייגן לעבן,
וואָס כ׳באַשרייב און האָב אַ סך באַשריבן
אָן אַ ביסל פרייד, אזוי ווי ס׳איז מיר
איינגעקריצט ביז בלוט — אין הארץ געבליבן.

ס׳זענען מעשה׳ס, אומעטיקע מעשה׳ס,
וואָס איר האָט נאָך צייט זיי, צייט צו הערן,
און איך ווינטש אייך, אז פון זייער טרויער —
זאָלט איר, קינדער, אָפּגעהיטן ווערן.

תל־אביב, 1936

# רו און אומרו

ס'ווײל די רו זיך מיטן אומרו אין מײַן הויז נישט טרעפֿן —
קומט זי זעלטן, זעלטן שוין צו גאַסט צו מיר;
קומט און קלאַפּט מיט קוים־געהערטן האַרץ־קלאַפּ: עפֿן, עפֿן ! —
עפֿן איך מיט ציטער שטיל איר אויף די טיר.

גייט זי אומגעזען און נישט געהערטערהייט אַרײַן,
און לייגט זיך אויס אויף אַלץ, אויף וואָס זי קאָן נאָר ליגן,
און איך בעט זי, בעט, זי זאָל בײַ מיר וואָס לענגער זײַן,
מיך לענגער אויף דער שווים אירער, פֿון שטילקייט — וויגן.

וויגט זי מיך, ביז—פּלוצלינג טוט די טיר זיך ראַש אַן עפֿן,
ווי עס וואָלט א שטורעם אויפֿגעריסן זי מיט כעס, —
ווײל די רו זיך מיטן אומרו אין מײַן הויז נישט טרעפֿן,
און פֿאַרשווינדט, און ווערט דערטרונקען אין געברויז פֿון גאַס.

תל־אביב, 1939

# מיט בלוט

כ׳האָב זעלטן ווען געזונגען סתם־אַזוי,
לשם געזאַנג פון לייכטן, גוטן מוט;
איך טונק ווי יעדער טונקט די פּען אין טינט,
נאָר שרייבן, שרייב איך אַלע מאָל מיט בלוט.

מיט בלוט קומט אָן יצירה און געבורט,
מיט בלוט ווערט ערד געאַקערט און געזייט,
מיט בלוט קומט אָן די פּרוכט פון יעדן שניט,
מיט בלוט געגעסן ווערט ס׳פּאַרדינטע ברויט.

ווי בלוט איז רויט דער אויפגאַנג אין קאַיאָר,
ווי בלוט איז רויט די שקיעה פונעם טאָג,
ווי בלוט איז רויט דעם שוואַכנס שטאַרקונגס־וויין,
ווי בלוט — די פאָן פון פרייהייט, וואָס איך טראָג.

און רויט איז, רויט ביי מיר מיין אויפריים־ליד,
פון מיין געמיט, וואָס גיט מיר קראַפט און מוט
צו טאָן מיין וואָרט א שליידער, ווי אַ פלאַם —
ווייל כ׳טונק מיין פּען אין טינט, און שרייב מיט בלוט.

כפר־אטא, 1942

# נישט לייכט

נישט לייכט איז, גיין א לעבן בארג־אַראָפּ,
און האַלטן נאָך פאַרריסן הויך דעם קאָפּ,
ווי כ׳וואָלט אַליין געווען א פעלז, א באַרג;
אַ באַרג, וואָס טראָגט אַ באַרג אויך אויפן קאַרק.

נישט לייכט איז, גיין ווי איך א לעבן לאַנג,
מיט הינטיש עלנט, טרויער און — געזאַנג,
געזאַנג מיט וועלכן איך אַליין באַגלייט
דעם טאָג, וואָס שטאַרבט נישט אויסגעלעבטערהייט.

נישט לייכט איז, לעבן אָט אַזוי, ווי איך,
און קאָנען זיכער זיין אַזוי ביי זיך,
און מיט עקשנות שטעלן יעדן טראָט,
וואָס שפאַרט זיך דאָרט, ווו סוד איז און פאַרבאָט.

תל־אביב, 1937

# ט ר ו י ע ר י ק

ווי אומעטיק, ווי טרויעריק מיר איז,
אַז גאָט זאָל זיך דערבאַרעמען !
עס קאָן אַמאָל אַן איינציק וואָרט אַ גוטס —
אַ מענטש דערוואַרעמען,
נאָר כ'הער עס נישט, דאָס וואָרט,
וואָס כ'וואָלט אַזוי געדאַרפט איצט הערן:
ס'וואָרט פון טרייסט אין איינזאַמקייט,
וואָס שרייט מיט אַלע פלאַמען פון באַגערן;
ס'וואָרט, וואָס צינדט אַ פייערל פון האָפענונג —
אין אויגן, פול מיט טרערן.

ס'קאָן אַמאָל אַן איינציק וואָרט אַ גוטס —
אַ מענטש דערוואַרעמען;
נאָר כ'הער עס נישט דאָס וואָרט,
און מיר איז אומעטיק און טרויעריק,
אַז גאָט זאָל זיך דערבאַרעמען !

**תל־אביב, 1947**

# בלעטערפאַל

בלעטערפאַל, בלעטערפאַל,
זענען מיינע לידער היינט,
האַרבסטיק בלעטערפאַל . . .

יאָגן זיי זיך נאָך די גייער,
טוליען זיך צו זייערע פיס,
קושן זייערע טריט
און בעטן רחמים:

— טרעט אונדז נישט,
צעטרעט אונדז נישט,
ווי קאַלט איז אונדז, געפאַלענע;
— מיר זוכן אום די בליונגס־צייט,
די פריידיקייט פון קינדערלעך,
וואָס זאָלן אונדז צונויפקלויבן,
און פלעכטן אונדז,
פארפלעכטן אונדז
אין שווארצע, בלאָנדע צעפּעלעך,
אויף גאָלד־געלאָקטע קעפּעלעך,
און גיין אַזוי מיט קרענצעלעך,
מיט לידעלעך
און בלעטערפאַל . . .

בלעטערפאַל, בלעטערפאַל
זענען מיינע לידער היינט,
האַרבסטיק בלעטערפאַל . . .

# האַרבסטיק

גייט שטיל און אבל׳דיק אַרום דער האַרבסט שוין אין מיין סאָד
און שטראַלט אים מיטן אומעט דורך, און קלויבט אין אים און זוכט.
דאָס פלויטן־טירל סקריפעט וויינענדיק: א שאָד, א שאָד!
מען נעמט דאָך פון די ביימער שוין אַראָפּ די לעצטע פרוכט.

פון אויפגעפראַלטן שפייכלער שרייען פירות נאָך דער צייט,
עס זינגט דער לעצטער זינג־פויגל זיין טיפע בענקשאַפט אויס
און קלאָגט זיך, ווי ער וואָלט געזען די ערשטע קראָ פון ווייט,
און ס׳צערן איין די פרוכט, פאַרוואָס מען פירט זיי נישט אַרויס.

גייט אבל׳דיק אַזוי אַרום ביי מיר אין סאָד, דער האַרבסט,
און רינצלט, ווי די איבער־רייפע פרוכט — די מאַטע הויט,
און טרערט מיט גאָלד און רעדט צו יעדן בוים: די שטאַרבסט!
דו שטאַרבסט!
און וויגט זיך אויפן אויפגעמאַכטן טירל פונעם פלויט.

# איך, דער בעל־חלומות

דער חלום איז אַ מורייסט דער וואָר דער גראָער,
(וואָר איז: קאַלטער, פעלזן־האַרטער ברעג).
מיט חלום איז דאָס לעבן מיינס דאָס גאַנצע
ווי אין ימען בלאָקייטן אַוועק.

נאָר, כ׳בין נאָך אַלץ דער זעלבער בעל־חלומות,
ס׳איז מיין איינציק ביסל פרייד און גליק —
צו קאָנען גיין צום לאַנד, צו מיין נישטאָאיק,
דורך מיין פערזן־אויסגעבויטער בריק.

און זינגען, ווען עס זינגט זיך נישט אַפילו,
(זינגען איז פון גורל מיר באַשערט),
באַזינגען, ווי עס פאַלן מזל־שטערן
פאַר די גליק־באַדערפטיקע אויף דר׳ערד.

און זינגען אין דער שטיל דאָס ליד, דאָס שטאַרקע,
ס׳ליד פון טיפן קוואַליקן געטראַנק:
געזאַנג צו מענטש, געזאַנג צו ברויט און פרייהייט,
און צום ריין־דערהויבענעם געדאַנק.

# מעוועס

1

האָט די שיף געריהרט פֿון ברעג —
זענען מעוועס נאָך איר, נאָך —
פֿליִען זיי אַזוי שוין טעג,
מיט געפֿלאַטער און געפּאָך,
ווי זיי וואָלטן אונדז באַגלייט,
אונדז און — אפֿשר מיך נאָר, מיך,
וואָס כ׳בין שטענדיק, שטענדיק גרייט
אַלץ צו לאָזן הינטער זיך,
און אַוועק, ווייל סיי־ווי־סיי
פֿעלט מיר דאָס, וואָס קניפּט און בינדט,
און כ׳בין פֿריי, אומהיימלעך פֿריי,
ווי דער ים, און ווי דער ווינט.

2

שלינג נישט, שלינג נישט, שיף, אזוי די מיילן,
זאָל דער ים נישט גאַווערן, נישט שוימען,
ס'איז נישטאָ זיך וואָס מיט מיר צו איילן,
כ'האָב סיי־ווי נישט גאָרנישט צום פאַרזוימען.

כ'ווייס שוין וואָס און ווער ס'איז מיין דערוואַרטער —
בין איך נישט פון אומגעדולד געצונדן;
ס'פּאַרט מיט מיר דער גורל מיין דער האַרטער,
וואָס ער לערנט קאָנען איבערווונדן, —

איז נישטאָ זיך וואָס מיט מיר צו איילן,
און מיט מיר — זיך אין דער ווייטקייט שניידן.
שלינג נישט, שלינג נישט, שיף, אזוי די מיילן —
אויף צו ברענגען מיך צו נייעליידן.

אַפּריל, 1950 — אויף דער שיף „קדמה"

*

פאר מענטשן, וואָס זענען דערשלאָגן ווי הינט, —
איז שווער צו פארטראָגן ס׳געוואָי פונעם ווינט,
וואָס קלאָגט און וואָס וויינט זייער גורל־געוויין,
און ס׳שרעקט זיי ווי קינדער — דאָס בלייבן אליין,
דאָס הערן אין דונער, דאָס זעען אין בליץ —
נאָר דראָאונג, נאָר רשעות, נאָר ציינער־געקריץ,
וואָס צווינגט זיי אַ לעבן צו גיין אָן־אַ־זייט —
ווייל נאָנט איז זיי יעדע געפאר — פון־דער־ווייט.

# צום ווינט

1

משוגע צו ווערן, ווי ס'וואָיעט דער ווינט
און רייסט, ווי עס וואָלטן משוגענע הינט
באַפאַלן, און ווילן צעטראָגן דאָס הויז,
און ס'טרייבט מיך און ס'יאָגט מיך אַליין שוין אַרויס,
אַרויס האַלבע נאַכט אויפן שטורעמס בעראָט, —
אַבי, נישט צו הערן אין שטוב, ווי ער דראָט
צענעמען די ווענט, און — איך וויל שוין די טיר
אַן עפן טאָן, — שפּאַרט זיך דער ווינט אָן, אָן איר,
און לאָזט נישט אַרויסגיין, און שטויסט מיך צוריק:
משוגע געוואָרן? גיי לייג זיך און ליג! . . .

2

קלאַפּ נישט, ווינט, אין לאָדן, לאָז מיך שלאָפֿן.
האָט אן אומגליק ערגעץ־ווו געטראָפֿן, —
וואָס דו רייסט אַזוי צום איבערשרעקן,
און דו האַלסט אַ נאַכט מיך אין איין וועקן,
און דו קלאָגסט אַזוי אויף צום צענעמען —
קאָן איך אומבאַהאָלפֿן, העלפֿן וועמען?

ווען דאָס אומגליק איז — די האָר צו רייסן, —
קאָן איך נאָר ביז בלוט די ליפּן בייסן,
קאָן איך וועלפּיש קריצן מיט די ציינער,
קאָן איך פֿון די פּויסטן מאַכן שטיינער
און אַוועקפֿאַלן פֿון שטיין געטראָפֿן.
קלאַפּ נישט, ווינט, אין לאָדן, לאָז מיך שלאָפֿן.

3

ווינט, דו ווינט, הער אויף אַזוי צו קלאָגן,
כ'קאָן אַזאַ יללה נישט פאַרטראָגן,
ס'וויינט געגוג אין מיר מיין פינצטער מזל,
וויינט און רעדט אין מיר: גיי רויב און גזל,
גיי און נעם מיט כוח פונעם לעבן,
ס'וועט אפילו, וואָס דיר קומט — נישט געבן
פון זיין גרוים עשירות און פאַרמעגן;
שטעל זשע זיך און לויער אויף די וועגן,
זאָל דיין שאָטן פאַלן גרוים און גרעסער
אין דער בלינדער נאכט, און ווי א מעסער
זאָל דיין פייף א שנייד־טאָן: רויב און גזל!
זאָל קיין קלאָג־מוטער נישט זיין דיין מזל.

4

האָט דער ווינט אזוי ארומגעברויעט
און קאָנצערט געגעבן נישט לויט נאָטן,
נישט געשפּילט, נאָר ווילד א נאַכט געסטראָיעט
טעלעפאָן און טעלעגראַפן־דראָטן.

און צעסטראָיעט — פריי־געלאָזט דעם ווילן,
ס'זאָל אַ נאַכט נישט קאָנען שלאָפן קיינער,
און געיאָגט, געדרייט, אז ס'האָבן מילן
אויך געקאָנט אויף מעל צעמאָלן — שטיינער.

ס'האָט געפייפט דער שטורעם, דער מחבל,
האָט געקנאַקט, ווי ס'וואָלטן פּלאַצן מאַסטן,
האָט זיך מיר געדאַכט: ס'איז ערב מבול,
און די שטוב מיינע, איז נחם קאַסטן . . .

כ'שווים מיט אים און רעד צו זיך: נו טראָג שוין,
טראָג שוין ווו דו ווילסט, נאָר טאָג זאָל ווערן!
ביז אין פענצטער, אָנגעזאָגט אויף טאָג שוין, —
האָט אַ גרינלעך, מאַטער מאָרגן־שטערן;

ביז די זון איז מיטן טאָג געקומען,
ווי אַן אויסגעצוואָגענע פון רעגן,
און דער ווינט איז שטיל און איינגענומען,
ווי א קינד, שוין פאר מיין שוועל געלעגן.

5

דער הוראגאן האָט זיינס געטאָן,
דער שטורעם — ער דערוויַיטערט זיך,
די זון, זי הייבט שוין שמייכלען אָן,
עס וואָלקנט נאָך, נאָר ס'לייטערט זיך.

העי, רודערער! דאָס שיפל גרייט!
פאַרריכט עס, נעם גלייך־אויס דעם מאַסט,
צעוויקל אויך דעם זעגל ברייט,
עס האָט דער ים שוין אָפּגעבעס'ט.

מען קאָן זיך לאָזן שוין אין וועג
אַזוי ווי אַלעמאָל — אויף בלינד,
ווילסט וויסן וואוהין, טאָ פרעג
ביים פירער אונדזערן — דעם ווינט...

איך מוז אוועק, און ווייטער נישט!
אוועק, ווי נאָך אַ שווערער שלאַכט,
וואָס האָט ווי אַלץ מיר אָפּגעווישט,
ווי ס'ווישט דעם טאָג אַראָפּ — די נאַכט.

דער הוראגאן האָט זיינס געטאָן,
דער שטורעם, — ער דערוויַיטערט זיך,
די זון, זי הייבט שוין שמייכלען אָן,
עס וואָלקנט נאָך, נאָר ס'לייטערט זיך.

# צום ים

1

כ׳בין דיין שכן, ים —
עס קוקט מיין פענצטערל ארויס צו דיר,
צי זעסטו עס ?
צי ווייסטו עפּעס וועגן מיר,
און וועגן מיינע טראַכטעניש, וואָס איך טראַכט —
ווען כ׳זע דיך און איך הער דיך טאָג און נאַכט ? ! . . .

צי ווייסטו, אַז איך מעסט מיין בענקשאַפט —
מיט דיין גרייס,
און מיט דיין טיף — מיין טרויער ?
ווייסטו, אז כ׳בין אויך ווי דו ווען — בייז
ביז ווילדקייט פון אַ קראַפט אַ רויער ? ! . . .

ים, ווי דו טראָגסט שיפן
אָנגעלאָדענע מיט לאַסט —
אַזוי בין איך מיט לאַסט באַלאָדן,
לאַסט, וואָס מאַכט מיך קרעכצן, ווי אַ מאַסט
געבויגן פון אַ ווינט, וואָס ברענגט בלויז שאָדן.

ים, כ׳קאָן אויבעט גוט זיין,
גוט אַזוי ווי דו, און מילד אַזוי,
נאָר ס׳לעבן איז נישט אַלע מאָל גערעכט
און טוט א מענטשן ווי,
און מאַכט אים שלעכט
און גאַליק, ווי דאָס בונטעווען זיך פון א קנעכט.

2

ים, דו גרענעצלאָזער ים,
באשערט איז מיר צו זיין דיין אָפּטער גאַסט:
איך גרייט זיך ווידער ברענגען דיר מיין לאַסט,
מיין וואַנדער־לאַסט פון שווער־געמיט;
איך גרייט זיך ווידער לערנען זיך ביי דיר
צו ווערן מיטן שטורעם היימיש און געניט,
ווי דיינע קאַפּיטאַנען אויף די שיפן;
כ'גרייט זיך ווידער אויף א שיף־דעק, שטיין
און טראַכטן וועגן דיינע טיפן,
וואָס זיי האָבן שוין ניט איין שיף
אין דיין אָפּגרונט ליגן,
און נישט איין מענטש — איינגעשלונגען,
און צוריק, א טויטן — אויסגעשפיגן.

3

ס'קען מיך שוין דער ים —
פון מיינע טעג, וואָס כ'ברענג אים צו טראָגן,
ווי גאָלדענע ארונס פארקלאַפּטע, מיט טויט
פון איינטאָגיקע קינדער . . .

ער קען מיך פון זען —
ווי כ'ברענג זיי אַליין אויף די אַקסלען צו טראָגן,
און לאָז זיי אָפּ, געוויקלטע אין לייוונטן פון נעכט.
ביי אים אין האפן . . .

פון זען —
ווי כ'זיץ מיין שבעה אָפּ
צופיסנס מיין טויטן באַגאַזש — — — — —
ביי זיין ברעג.

דערפאר: פארנאכט, ווען ס'טונקט די זון זיך
רויט צעפלאקערט, ווי א ברענענדיקע שיף, —
זע איך הויפנס מושלעם אויסגעשפּיגן אויפן ברעג,
ווי ס'וואָלט דער ים מיר אויסגעצאָלט פאר מיין עקספּאָרט,
און אויסגעביטן מיר אויף שערבלעך — מיינע טעג.

4

ים, ווי ליב איך האָב דיין רו !
ס'קאָן קיינער נישט אַזוי באַרואיקן, ווי דו, —
ווען ס'ווייל א מענטש אַנטלויפן פון דער ערד,
וואָס ווערט מיט בלוט פון רויב און מאָרד, גענערט.

ווי גוט איז ים, ווי גוט איז מיר מיט דיר,
אפילו, ווען ביסט בייז, און שוימסט פאַר כעס,
און גייסט דעם ברעג אַריבער,
נישט ווי ס'גייט אַ מענטשן־ים — פון האַס.

ווי ליב איך האָב דיך, ים.
ווי ליב אין אַלע דיינע צייטן;
ווערט מיר ענג ווען — טראַכט איך וועגן דיר,
און מער נאָך — וועגן דיינע גרענעצלאָזע ווייטן.

תל־אביב, 1938

# בײַם ים

איך װײן בײַם ים, און בענק נישט אײנמאָל נאָך אַ טײַך —
װײַל אַלץ, װאָס גרױס איז — מאַכט מיך קלײן,
נאָך קלענער װי איך בין,
און ס׳דריקט אױף מיר דאָס ענדלאָזע,
װאָס מאַכט פֿאַרלױרן־גײן. —

דערפֿאַר — בײַם ים — מײַן בענקשאַפֿט נאָך אַ טײַך,
אַ טײַך, װאָס קוקט פֿון בערג און טאָל אַרױס
אַ גאָלדענער, אַ זילבערנער, אַ הימל־בלאָער,
װי אַ מעדאַליאָן אױף גרינער שױס פֿון ערד.

אַ טײַך, װאָס לאָזט זיך מיטן אױג אַרומנעמען,
און איז אַלײן אַן אָפֿן אױג אַ קלאָרס,
געדיכט אַרומגעװױעט און אַרומגעבערעמט
מיט גראָז מיט הױך, מיט באַמבוסן,
מיט צוקער־שטעקנס און לולבים,
און מיט װערבעס, װאָס מען זעט זײ שטײן,
װי מיט אַ פּוס אין װאַסער — צװאָגנדיק די קעפּ.

דערפֿאַר — בײַם ים — מײַן בענקשאַפֿט נאָך אַ טײַך,
װאָס שפּיגלט אָפּ דעם פֿאַרביקן אַרום,
און װײַזט װי אין אַ בילד, אַן אַקװאַרעל —
די גאַנצע שײנקײט — מיטן קאָפּ אַראָפּ.

תּל־אָבֿיבֿ, 1950

# פאַרוואָס

פאַרוואָס איז אַלץ אזוי שיין ביים פאַרגיין ?! . . .
פאַרוואָס ווען דער טאָג ציט פאַרנאַכט זיך צוריק
מיט א זוניק פאַרזונקענעם קאָפּ צום פאַרפאַל,
און נעמט פון די וועגן דאָס ליכט מיט זיך מיט —
צינדן שויבן זיך אָן,
צינדן אויגן זיך אָן
מיט דער לעצטער צעשטראַלונג פון ערב פאַרגיין . . .

פאַרוואָס האָבן פיס ליב צו שאַרן אין קופּעס
פון האַרבסטיקע בלעטער
ביי נאַקעטע שטאַמען,
און אוירן — צו הערן דעם טרוקענעם שאָרך,
וואָס דערמאָנט אָנעם אייגענעם וואַלד־רויש פון לעבן,
און הענט — זיך צו שפּילן מיט זיי,
ווי מיט העלע זכרונות פון אייגענער בלי־צייט . . .

פאַרוואָס איז אַ מענטש אזוי ריין, אַזוי שיין אויפן קראַנקן־בעט,
ווען ער באַהאַלט אין געלעגער דעם ווייטאָג,
און שמייכלט מיט וואַרעמען אומעט צום נאָנטן,
און שטיל איז זיין וואָרט,
ווי דער וואָרק פון א טויב,
און די רייד, אַזוי טיף,
אזוי קלוג ווי די וועלט,
און דער בליק, אַזוי קלאָר, ווי דער שניי אין דער זון . . .
פאַרוואָס איז אַלץ אזוי שיין ביים פאַרגיין ?! . . .

**תל־אביב, 1926**

## אין הינטישן עלנט

אז אַ מענטש גייט אַ לעבן אַרום מיט אַ הינטישן עלנט
און טראָגט אין די אויגן דעם הינטישן אומעט און צער־גלי —
קאָן ער אויך ווי אַ הונט אין דער נאכט־אריין נאַגנדיק וואָיען,
און וויינען פון פאַרפילן ס'אומגליק, וואָס ליגט אין דער ווייט נאָך.

— — — — — — — — — — — —

כ'טראָג אַ בלייערנע שווערקייט אין האַרץ, און אַ בילד במחשבה:
ס'איזווינטער, פאַרנאַכט, אויף אַ פעלד אַ פאַרשנייטס,
אַ פאַרווייעטס,
ביי אַ פּלויט, ווי אַ שורה פון קרומע און שיטערע ציינער,
ליגט איינער אַ מענטש, מיטן פּנים צום הימל, פאַרפרוירן . . .

נעבן אים שטייט אַן איינציקער הונט ווי אַ וואָלף און באַשמעקט אים,
און רופט מיט געביל אין דער פּראָסטיקער בלאָקייט פאַרטייעט,
און אַ קראָ ענטפערט אָפּ, ווי מען וואָלט ערגעץ לייוונט געריסן,
פליט אָן און פאַרשווינדט, און אַ שניי הייבט אויפסניי אָן צו שיטן...

און אזוי, אויסגעבעט אונטער שניי, — ליגן צוויי ווי פאַרווישטע:
אַ מענטש ווי אַ הונט, און אַ הונט ווי אַ מענטש — אויסגעגאַנגען...

אַז אַ מענטש גייט אַ לעבן אַרום מיט אַ הינטישן עלנט —
קאָן ער אויך ווי אַ הונט אין־דער־נאַכט־אריין נאַגנדיק וואָיען . . .

תל־אביב, 1928

## ליד פון עלנט

אַז מען האָט נישט קיין היים, קיין געליבטע, קיין ווייב,
נישט קיין שאָף, נישט קיין רינד,
נאָר דעם ווינט
ארום לייב,
און די קעלט אויפן פעלד פונעם איינזאַמען בעט,
ווו מען ליגט און מען שלאָפט מיטן עלנט נישט איין, —
איז כאָטש גוט, אַז ס'איז דאָ א קאַפע־הויז, א שענק,
ווו אַזאַ פאַלט אריין,
ווי אַ שטיין,
און ער זעט:
אַז ער איז נישט אַליין
אַזוי שפּעט
אין־דער־נאַכט,
ווו מען זיצט און מען רעדט,
און מען רעשט און מען לאַכט,
און מען לאָזט אַל'דאָס בייזע, מיט רויך און מיט אַש,
און מען עפנט אַ פלאַש נאָך א פלאַש —
אויף קוראַזש,
און מען שרייט נאָר: אַהער!
און מען שרייט נאָר: דערגים! —
ביז מען האַלט זיך נישט מער,
און מען פאַלט פון די פיס,
און מען פאַלט פון די רייד,
און מען זידלט און שעלט,
און מ'איז שלאָגן פאַרביטערט זיך גרייט
מיט א וועלט,
און א שפּיי־טאָן אויף יעדן,
אויף זיך און אויף אַלץ,
און אַליין זיך פאַרציען
די שטריק אויפן האַלדז.

## בלינדע צום ים

ס'גייען בלינדע אויף שפּאַציר צום ים:
צען בלינדע ווי לונאַטיקער אַנטקעגן זון;
צען פאַרמעטענע פּנימער
ווי ציפּער־בלעטער אָן די ווייזער —
טראָגן געלע צען לבנה־אויפגענג,
מיט דער קראַנקער וואַכזאַמקייט
פון נאַכט אין מיטן טאָג;
און ס'טראָגן צען פּאָר אויגן־לעכער
אָנגעפּילט מיט ווייסלעכץ
און מיט ברעקלעך אַפּלען —
שטיקלעך האַרטע חלב־שמעלץ,
מיט צוגעטריפטע שוואַרצע שטיקלעך קנויט,
פון צען פּאָר אויסגעברענטע ליכט אין לייכטער.
ס'גייען בלינדע אויף שפּאַציר צום ים.

תל־אביב, 1927

# סוף־זומער

א צעשטראַלטער און אַן אויסגעבעטער,
ווי אויף בונטע טעפּיכער פון בלעטער,
אין א גאָלדן בעט —
געלעגן איז ער ליכטיק אָט אַזוי,
און טרוקן אונטערהוסטנדיק גערעדט:
— כ׳פארגיי, כ׳פאַרגיי,
נאָר טרויער נישט, פאַרשטיי,
דאָס בעסטע איז פאַרשטיין,
אַז איך און דו, אַז אַלץ און אַלע
קומען מיר פאַרגיין,
אַז דורכן טויט נאָר קומט מען
אין דער אייביקייט אַריין,
און ס׳איז א שאָד, א שאָד דערווייל א רגע, א מינוט
פאַרהאַלטן — ווען עס שפּאַרט דאָס בלוט,
ווי פון א פלאַש דער וויין . . .

אַזוי האָט קלאָר און קלוג דער קראַנקער זומער—הארבסט, גערעדט,
און קינדער, איבער שווארצע, בלאָנדע קעפּעלעך, געגלעט.

ווארשע 1931

# ליד פון שווינדזוכטיקע

מיר ווייסן, מיר ווייסן, מיר ווייסן אַזוינס, וואָס מיר האָבן
ביז איצט נישט געוווסט;
עס איז אונדז נאָך קיינמאָל די וועלט נישט געווען אַזוי
וווּנדערלעך ליכטיק און העל;
מיר האָבן נאָך קיינמאָל, אַזוי נישט געקוקט אויף אַלץ,
לויטער און קלאָר, ווי פאַרליבט,
און קיינמאָל — דאָס לעבן אַזוי נישט געוווינן מיט טרויער
און צער, ווי מיט גאָלד.

עס האָט אונדז אַן אַנונג פון עפּעס נישט היימלעכס,
די אויגן געעפנט אַצינד,
און גרויס זענען זיי, און פונאַנדערגעריסן ווי ים איז
פון ברעג ביז צו ברעג,
און ס'איז אונדז פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס איז דער טאָג
אַזוי קורץ, ווי דער אָטעם ביי אונדז,
און לאַנג דערפאַר, ווי די אומענדלעכקייט לאַנג —
זענען אונדזערע שלאָפלאָזע נעכט.

מיר ווייסן, פאַרוואָס איז דאָס אויער געוואָרן ביי אונדז
אַזוי שאַרף און פאַרשפּיצט,
ווי ס'אויער ביים הירש, וואָס איז גרייט יעדע רגע זיך לאָזן
אין לויף פון דער קויל;
מיר האָבן מיט אונדזער געהער נאָך אַזוי נישט פאַרנומען
דאָס מינדסטע גערויש,
נאָך קיינמאָל, אַזוי נישט באַנומען דאָס וואָרט פונעם טרייסט,
ביי דעם ראַנד פון פאַרפאַל.

מיר ווייסן, מיר ווייסן פאַרוואָס איז די זון צו אונדז,
זוניקער ווי ז'איז געווען;

פאַרוואָס יעדער שטראַל איז פאַר אונדז, ווי א מוטערלעך
ווארעמע האַנט אויפן לייב,
וואָס פיבערט און ציטערט, און פלאַטערט אַזוי, ווי א פלעמל
געלאָשן אין ווינט,
און שלאָגט מיט פאַרדעכטיקער, דורשטיקער היץ —
ווען ס'איז רויט דער פאַרנאַכט, פון פאַרגאַנג.

מיר ווייסן, מיר ווייסן פאַרוואָס די לבנה גייט אויף
איבער אונדז אַזוי גרויס,
און קוקט מיט צעשראָקענער זילבערנער בלאַסקייט
אויף אונדזער געלעגער אַראָפּ,
פון פענצטער צו פענצטער, אַזוי ווי די שוועסטער,
וואָס גייט אין־דער־שטיל אין שפּיטאָל
צווישן די קראַנקע, וואָס וועקן זיך, וויינען, ווי הילפלאָזע
קינדער, פון שלאָף.

מיר ווייסן, מיר ווייסן, הלואי וואָלטן מיר נישט געוווּסט
אַזוי פיל, וועגן זיך;
הלואי וואָלטן בעסער געוועזן מיר טויב —
נישט צו הערן די זעג אויפן שטאַם;
הלואי וואָלטן בעסער געוועזן מיר בלינד —
נישט צו זען ווי מיר שפּייען מיט רויט,
ווי אונטערגעצונדענע וואָלקנס אין שקיעה, ווען ס'פאַלט
א געשאָכטענע זון.

און זעען מיר אונדזערע באַקן אין שפּיגל,
ווי בלעטער פון רויזן, צעבליט —
איז — ווייסן מיר, ווייסן, אַז דאָס איז דער שפּיגל פון טייך,
און דאָס בליעכץ — אויף אים;

איז — ווייסן מיר, ווייסן, אַז מיר זענען שוואַנען,
וואָס שווימען מיט שוואַנען־געזאַנג
אַריבער אין פרילינג — די האַרבסטיקע טייכן —
צום ברעג פון דער אייביקער רו.

ווולקא פּראָפּעצקאָ, 1931

# ווייטן

ווייל ס'זענען ווייטן דאָ,
אַ ווייטקייט — רויט,
אַ ווייטקייט — בלאָ,
און שוואַרץ —
פאַרכאַפּט עס אָפּט אַזוי דאָס אויג,
פאַרכאַפּט עס אָפּט אַזוי ביים האַרץ,
און ס'ציט, און ווייסט אַליין נישט וואוהין,
און ס'נאַגט, און ווייסט אַליין נישט, וואָס עס נאַגט,
די בענקשאַפט רייסט,
די בענקשאַפט טראָגט,
און ס'ברומט זיך פון־דער־טיף אַ ניגון אויס,
ווי ס'וואָלט דאָס האַרץ געוואָלט אַרויס, אַרויס . . .

ווייל ס'זענען וועגן דאָ,
ווי אָדערן אַ קניפּ,
צעלאָפן אין־דער־ווייט —
איז יעדער וועג דיר ליב,
און ס'בלייבט אַ מענטש נישט איינמאָל
ווי אַ קינד פאַרלוירן שטיין
אין מיטן אַלע וועגן,
אַזוי נישטיק, אַזוי קליין,
צו אַלע סוף'ן וועלט געווענדט
די אויסגעשטרעקטע הענט,
ווי פליגל פון אַ ווינט־מיל,
וואָס האָט אויפגעהערט צו גיין.

וואַרשע, 1932

# פון ווייטן

פון ווייטן אַ וואַלד, א וואַלדיקע וואנט,
וואָס פאַלט אין א ווייטיקע שוואַרצקייט אַריין, —
דערמאָנט מיך, דערמאָנט אָן אַ ליכט אָן א העלם,
אַזאַ, וואָס געוועזן און וועט מערער נישט זיין,
דערמאָנט מיך א חלום, א חלום — א וואָר:
אַ לעבן א יונגנס מיט צעשויבערטע האָר,
מיט הירשענע אויגן,
און הירשענע פיס,
מיט גרייט־זיין אַ לויף־טאָן,
א שפּרונג־טאָן, אַ ריס,
א ברעך און א שליידער,
אַ הילך אויף אַ קול,
וואָס פאַלט ווי אַ יאָדרע אַרויס פון־דער־שאָל,
אַ שאָל פון אַ לעבן א יונגנס, וואָס פּלאַצט אויס,
אין צייַטיקן זיך
אויף דער ערדישער שויס.

# פון שטאָט אין דאָרף

1

ווי גוט איז אייך, איר דאָרפישע,
ווי גוט איז דיר, דו פּויער דו,
וואָס פרעמד און ווייט איז דיר די שטאָט,
וו ס'פעלט דיין גלויבן און דיין רו,
וו ס'פעלט דיין תמימות און דיין זאָרג
פון קויפן זיך א קו, אַ פערד;
וו ס'פעלט דיין רחבות פונעם פעלד,
און דיין געזונטקייט פון דער ערד.

ווי גוט איז אייך, איר דאָרפישע
מיט אייער רו,
ווי גוט איז דיר, דו פּויער דו,
וואָס פרעמד און ווייט איז דיר די שטאָט
וו מענטש איז: גווינט,
וו מענטש איז: שרויף,
וו מענטש איז: ראָד אין ראָד —
אין לויף,
און טראָגט אין מארק, טאָג־איין, טאָג־אויס
זיין אייגן לעבן צום פארקויף,
און האַוועט, שמייעט, איילט
און ווייסט אַליין נישט וואָס און וואהין,
און שטעלט זיך אָפּ דעם אָטעם כאַפּן —
ווען עס שטעלט זיך די מאַשין.

ווי גוט איז אייך, איר דאָרפישע
מיט אייער רו,
ווי גוט איז דיר, דו פּויער דו.

2

מיט א בלייאיק־אָנגעגאָסענעם און שווערן קאָפּ,
מיט צענומענע, צעשרויפטע גלידער —
קום איך, דאָרף, צו דיר פון שטאָט א מידער —
נאָך אביסל רו.

כ'האָב לאנג שוין נישט געזען זיך מיט דער מאמען ערד,
וואָס ציט באגינען דיינע שאָף ארויס,
כ'בין לאנג שוין נישט געלעגן אויף דיין שויס,
מיט בלאָען ריינעם הימל צוגעדעקט
אן איינגעשלאָפענער אויף פריש־געשניטן היי;
שוין לאנג האָט מיך פון שלאָף נישט אויפגעוועקט
דער זיסער זינגענדיקער קריי
פון האָן,
און נישט ארויס בין איך שוין לאנג אזוי
באגינען זיך ארומוואשן מיט טוי,
וואָס האָט ווי טרערן ביי א קינד—געלויכטן
און געטריפט אויך פונעם שטרוי
פון דאך;
און לאנג שוין האָב איך, דערפל, נישט געהערט
דיין שטומע שפראך
פון קאלב, פון קו און פערד,
און דיינע פראָסטע פויערישע רייד,
וואָס שלאָגן מיט געזונטקייט, ווי די ערד.

מיט א בלייאיק־אָנגעגאָסענעם און שווערן קאָפּ,
מיט צענומענע, צעשרויפטע גלידער —
קום איך, דאָרף, צו דיר פון שטאָט א מידער.

3

כ'בין געקומען אין דאָרף, ווען די ערד
האָט געשוואַנגערט, געיערט
און געגרינט;
ווען ס'האָט ווי א קינד —
אויף די פעלדער געשפּילט זיך דער ווינט
מיט די זאַנגען,
וואָס זענען שוין רייף אויפגעגאַנגען
מיט גאָלדענעם ציטער;
ווען ס'האָט שוין דער שניטער
די קאָסע געשאַרפט, צום באַגלייט פון זיין ליד,
און די שייערס געגרייט,
אויפצונעמען די פרייד
און די ברכה פון שניט.

כ'בין געקומען אין דאָרף, ווען די ערד
האָט געיערט;
ווען ס'האָבן א פּוי'רישער יונג מיט א מויד
אויפן פעלד, אין א סטערטע מיט היי, זיך געזוכט,
און דער סעדער אין סאָד,
האָט די ביימלעך די שוואַכע, אונטערגעשפּאַרט
פאַר דער לאַסט פון דער פרוכט.

תל־אביב, 1933

# סטראָמבאָלי *)

ברודער פונעם וועזווו — סטראָמבאָלי,
ווי אָרעם איז דער מענטש, וואָס האָט דיך נישט געזען,
א וואכנדיקן צווישן נאָך אַזעלכע ברידער דיינע:
שלאָפנדיקע אינזל־קראַטערס
אויף סיציליעס וואַסערן.

צו וואָס האָט די לבנה דיך באַלויכטן? —
אַז ביסט שענער, מעכטיקער, —
וואָס פינצטערער עס איז;
אַז האָסט דיין אייגן ליכט,
וואָס שלאָגט פון דיר און פעכערט,
ווי אַ קאַם א פייערדיקע אויף דיין קאָפּ.

די שיף פון וואַנען כ'האָב באַטראַכט דיך,
און געגאַפט —
האָט לאַנג שוין, לאַנג דערווייטערט זיך פון דיר,
דאָך שטייסטו מיר כסדר מיט דיין גרייס און פּראַכט
פאַר מיינע אויגן,
און איך זע נאָך אַלץ דיין פייער־רויטע צונג
אַרויסגעבלעקעט אין־דער־נאַכט
צום הימל פול מיט וואָלקנס איבער דער לבנה;

כ'זע נאָך אַלץ דאָס שפּייען דיינס מיט פייער,
און דאָס געוועזן מיט רויטער לאַווע,

---

*) אַן אויסגעלאָשענער ווולקאַן ביי די ברעגעס פון סיציליע.

ווי צעזשאַרעטע גליענדיקע קויל,
וואָס שיט זיך, פאַלט,
און לעשט זיך, דיר צופוסנס . . .

סטראָמבאָלי,
עס לייכט נאָך און עס ברענט ביי מיר אין אויג,
דער רויטער אָפּשיין פון דיין וווּנדער—
אינעם שפּיגל פון סיציליעס וואַסערן.

מאַרסעל 1950

# די באַלאַדע פונעם טויט

צום אָנדענק לייב מלאַדין

ווי ס׳לעבן — אַלט איז די באַלאַדע פונעם טויט,
עס איז נישטאָ אַזאַ, וואָס האָט זי נישט געהערט,
עס איז נישטאָ אַזאַ, וואָס האָט נישט וועם׳ באַגלייט
צו רו, צו אייביקער, וואָס ליגט אין שוים פון דר׳ערד.

דאָס פּנים פונעם טויט איז יעדן שוין באַקאַנט,
ס׳האָט יעדער עס אַמאָל אין לעבן שוין געזען,
נישט איינער איז געווען שוין נאָנט פון טויטן־לאַנד
פונוואַנען קיינער קומט נישט זאָגן: כ׳בין געווען.

ווי ס׳לעבן — אַלט איז די באַלאַדע פונעם טויט,
דאָך טרעפט אַ טויט־פאַל שטענדיק, ווי אַ שווערער שטיין,
און ס׳איז פאַר צער און ווי אַמאָל אַ לעבן גרייט
אַליין זיך אָנוואַרפן דעם טויט, און פרי פאַרגיין.

נישטאָ אַזאַ, וואָס האָט נישט ווען דעם טויט באַרירט,
באַרירט אים במחשבה, קלאָר און קילערהייט,
און נאָכגעגאַנגען אים, ווי פאַר דער האַנט געפירט —
צום לעצטן שוואַרצן טויער פון פאַרגעגנגלעכקייט.

תל־אביב, 1937

# דער טויט, דער דערלייזער

דעם אָנדענק פון ליובא געלטשינסקאַ

ווערט דאָס לעבן אומדערטרעגלעך שווער —
ווערט לייכט דאָס שטארבן.
האָט זי אויף דערלייזונג — זיך אַליין צום טויט געצויגן.
און ווי זוניק העלע זעקס און צוואנציק גארבן —
זעקס און צוואַנציק יאָר, דערלאַנגט אים, מיט פאַרמאַכטע אויגן.

האָט דער טויט גענומען זיי און זיי ארויסגעטראָגן
אויף א טראָג־בעט אויף א שוואַרצן, פונעם טויטן־בנין —
ווען אין דרויסן האָט געוואַרט אַ שווארצער טויטן־וואָגן
און אַ שטילער, טרויעריגער, נאָנטער, קאַרגער מנין . . .

זעלטן, ווען ס׳דערגייט־ווער צו דער טיף פון יענעמס ליידן —
צו דערכאפּן אים ביים ראַנד פון אָפּגרונט—אין זיין וואקל;
ווער זאָל וויסן, ווער עס טראַכט, אַליין זיך אונטערשניידן,
נאָכן מאַכן יונג, ווי זי — דעם פינצטערן סך־הכל.

איז געוועזן מער נאָך פון באשיידן — איר לויה.
פון די נאָנטסטע — האָבן ניט באַגלייט זי טאַטע־מאַמע,
ווייל זיי האָבן, ווי א פויגל זי געלאָזט אַ פרייע
אָפּפליען אָן זיי, צו ווייטן, איבער זיבן ימען . . .

האָט מען שטיל אַרויסגעפירט זי אויפן בית־הקברות,
און געטראָגן זי אויף זיינע זייטיג שמאָלע שטעגן,
ביי א שטיל געררייד פון איבערגעבן זיך די סברות
וועגן דעם, וואָס איר געקאָנט האָט צו דעם טויט באַוועגן.

ביי אַ קבר, וואָס האָט אָפּגעוואָרט זי פריש און אָפּן —
האָט אַ פרעמדע קלאָגערן, דער מאַמע איר פּאָרטראָטן,
האָבן פרעמדע הענט זי, ווי אַ קינד אַן איינגעשלאָפן
לייכט אַראָפּגעלאָזט, און—זעקס און צוואַנציק יאָר פאַרשאָטן.

תל־אביב, 1938

# אויף אַ דאַך

אז מען וווינט אין־דער־הויך,
אז מען וווינט אויף אַ דאַך —
דאַכט זיך אויס, אז מען שפּרייזט
איבער דעכער אַ סך.

מיט אַ הימל, וואָס ליגט,
ווי אַ הוט אויפן קאָפּ,
און פאַלט צו צו דער ערד
מיט די ראנדן אַראָפּ.

אז מען וווינט אויף אַ דאַך,
אז מען וווינט אין־דער־הויך, —
איז מען „פויגלדיק" פריי,
און „דערהויבענער" אויך.

און עס דאַכט זיך, אז ס'פליט
אין די הימלען דער קאָפּ,
און מען קוקט דאַן אויף אַלץ,
ווי פון אויבן אראָפּ . . .

תל־אביב, 1938

# פאַמיליע־גליק

פאר מיין פענצטער, אויף א שטריק —
הענגט דאָס גליק, פאַמיליע־גליק:
א פרויען־העמד,
א מענער־העמד,
אַן אונטער און אַן אויבערקלייד,
און אונטערהויזן לאַנגע, קורצע,
ציכלעך, ליילעכער צעשפּרייט,
און נעבן זיי, אויף דינע שטריקלעך:
קינדער־שטיקלעך,
קינדער־ברעקלעך:
העמדלעך, הייזעלעך און זעקלעך.

פלאַטערט וועש אויף זון און ווינט,
און ווינט איז אָפּטמאָל, ווי אַ קינד
אַן אָפּגעבונדנס, אַ באַפרייטס,
האָט ליב אמאָל אזוי א שטיף־טאָן,
אָפּט — פארשייט און אומפאַרשעמט, —
דערלאַנגט ער אַ פאַררים דאָס קלייד,
און אַ פאַרהויב דאָס פרויען־העמד,
און בלאָזט דעם מאַנס תחתונים אָן
צום פלאַצן גרייט —
מיט ווינט, וואָס שפּאַסט,
און ציט מיט שטייפקייט אוים א ליילעך,
ווי א לייוונט אויף אַ מאַסט,
און ס׳קנאַקט און פּאַטשט און פּראַסקעט:
אַ מחלוקה און אַ קריג,

און אָנגעצויגן — רייסט זיך
דאָס פאמיליע־גליק,
פון שטריק.

תל־אביב, 1937

# אין לאַנד פון חלום

א גליק נאָך, וואָס ס׳איז דאָ א לאַנד אויף קאָנען זיין מיט זיך,
אויף קאָנען הערן אייגן האַרץ־קלאַפּ, אייגן שטים פון בלוט,
און פילן בלויז ווי פליגלען פון מחשבות טראָגן דיך
צום בארג־שפּיץ, ווו דער פליענדיקער קעניג אָדלער — רוט.

און גוט איז אינעם חלום־לאַנד צו זיין מיט הימלען נאָענט,
און נאָענט אין זיי—צו יעדן מעטעאָר, וואָס לייכט און העלט,
און מיט די הימלען צופאַלן צו יעדן האָריזאָנט,
וואָס פירט צום וועג פון אין־סוף פון דער וואונדערלעכער וועלט.

און גוט איז, וואָס אין לאַנד פון חלום, גייט נישט דורך קיין קריג,
און ס׳טרעט קיין פוס אַריין אין אים מיט זעלנערישע טריט.
עס הענגט אין לאַנד פון חלום און פון טרוים די בלאָע וויג,
אין וואָס עס וויגט זיך יעדן דיכטערס ניי־געבוירן ליד.

# געבוירט פון ליד

געבוירט פון אַ ליד, איז געבוירט פון אַ קינד,
וואָס אַ מאַמע באַרירט און טאַפּט אָן אין־דער־בלינד,
ביי דעם צאַפּל און שטויס אינעם לייב, וואָס עס טוט —
ניין חדשים אַזוי אויסגעטראָגן אין בלוט.

אַ ליד איז אַ קינד, איז אַ קינד פון געמיט,
און עס קומט ווי אַ פרוכט: מיט אַ ריס, מיט אַ שניט,
מיט אַ וווּנדיקן פאַל צו די פיס פונעם שטאַם,
אַ דערנערטע מיט זאַפט, און נישט איינמאָל — מיט סם.

# ווערטער

ווערטער, ווערטער, ווי אַ וואַלד,
איך געפין דאָס וואָרט מיינס, שווער,
און אַ שטומקייט מיך באַפאַלט —
ווען ס'קומט אויס מיר רעדן מער.

ווערטער, ווערטער, גאַנצע בינד,
ווערטער דאַרפן פּערל זיין,
זענען זיי גאָר פּרוכט פון ווינט,
וואָס די פלויטן ליגט ער איין.

ווערטער, ווערטער, ס'אַרא שפּיל !
ווערטער־מיל און ווערטער־וואַלד;
נאָכן טויט פון וואָרט ג ע פ י ל —
לאָזט דאָס שטאַרקסטע וואָרט מיך קאַלט.

תל־אביב, 1939

*

ווערט אומזיסט דאָס ווארטן און דאָס האָפן —
איז אַ טרייסט די נאַכט, וואָס לאָזט דיך שלאָפן,
צו פארשלאָפן דיין נישט איבערטראָגן
דאָס, וואָס האלט דיך וואכערהייט דערשלאָגן.

ווערט אומזיסט דאָס האָפן און דאָס ווארטן —
איז א טרייסט, דער חלום צום געגאַרטן;
חלום, וואָס מאכט נאָענט אַלע ווייטן,
ווען ער קומט אין שלאָף די וואָר פאַרבײַטן.

*

ס׳זאָגט זיך נאָר אַזוי: כ׳וועל איבעררייסן,
איבעררייסן אַלע פעדעם פון אַמאָל;
אַ הילך, וואָס הייבט זיך אויף און פאַלט אין אָפּגאַנג,
לאָזט אַן אָפּהילך העגנען איבער בערג און טאָל . . .

ס׳זאָגט זיך נאָר אַזוי, אַז כ׳וועל פאַרגעסן,
אַלץ פאַרגעסן, אַלץ וואָס איז אַמאָל געווען,
געגנוג אין גאַנג, איין בליק צו טאָן אין אָפּוועג —
אַז די ווייטקייט זאָל זיך נאָענט און ליכטיק זען . . .

תל־אביב, 1926

*

זאָגט מיר, שטענדיק פריילעכע מאַטראָזן,
זאָגט מיר קאַפּיטאַנען אַלט־געניטע,
זאָגט, פאַרוואָס, ווען ס'גייען אָפּ די שיפן,
רעווען זיי ווי אָקסן צו דער שחיטה . . .

זאָגט מיר, כוואַליעס, זאָג מיר ים, דו גרויסער,
זאָגט מיר שטורעם־טרעגער: אַלבאַטראָסן,
זאָגט, פאַרוואָס, ווען ס'פאַלט די פרייד פון אָנקום,
הייבט זיך אויף דער טרויער פון פאַרלאָזן . . .

תל־אביב 1926

*

דאָס לעבן איז אַ שפּיל אין שאַך,
דאָס שאַך־ברעט איז די מאַמע־ערד,
און מיר — פיגורן אַלערליי:
מלכים, קיניגנס און — פערד . . .

אַ גאַנג פאָרויס, אַ גאַנג צוריק,
מען קלאַפּט, מען שלאָגט, מ׳שטויסט זיך ווו,
און איידער וואָס און ווען איז—מאַט.
און ס׳דעקל פאַלט צום קעסטל צו . . .

תל־אביב, 1928

*

נישטאָ אַזאַ האָב ווי דאָס כישוף־וואָרט: גליק —
ס׳האָט יעדער זיין ברונעם, זיין עמער, זיין שטריק,
און לאָזט אין־דער־טיף זיך אַן עמער אראָפּ —
מוז איבערן ברונעם דאַן הענגען א קאָפּ,
און ס׳מוזן אין האַלדז פונעם ברונעם צוויי הענט
זיך ווארפן, זיך רייסן אַזוי ווי פון פּענט,
און ס׳מוזן צוויי אויגן אויך דאָרשטיקערהייט
אַראָפּקוקן טיף אינעם שאָטן פון טויט,
און ס׳מוז אמאָל טרעפן (די שעה זאָל נישט זיין),
אַז ס׳פאַלט ווער אין אייגענעם ברונעם אַריין,
און קומט צו דער שוועל פון זיין הויז נישט צוריק.
ס׳האָט יעדער זיין ברונעם, זיין עמער, זיין שטריק.

ווארשע, 1933

*

קליינע לידער — גרויסע ווייען,
ווערט נישט לייכט דאָס וואָרט געבוירן —
זענען לידער אויסגעשרייען,
אין אומענדלעכקייט פאַרלוירן.

זענען לידער קורץ ווי ס'לעבן —
ווען מען איז דעם זין דערגאַנגען
ביז צום מער־נישט־קאָנען־געבן,
און נישט קאָנען מער פאַרלאַנגען.

תל־אביב, 1934

*

אַז מען וועגט דאָס וואָרט מיט גאָלד און זילבער —
איז עס דורכגעלייטערט, ריין און קלאָר,
און דאָס ליד איז קורץ און ליכטיק, גליאיק,
ווי אַ פאַלנדיקער מעטעאָר.

אַז מען וועגט דאָס וואָרט מיט גאָלד און זילבער —
נעמט מען אויף דעם שטורעם, רואיק, שטיל,
ווי אַ פולע זאַנג נעמט אויף די קאָסע,
און די שווערע מילשטיינער אין מיל.

*

פון גאָרנישט געוואָרעמט, פון גאָרנישט דערהויבן —
ווי קאָן מען דאָן זינגען? ווי קאָן מען דאָן לויבן?
ווי קאָן א געוויקס זיך צעוואַקסן, צעבליִען,
צו זון און צו בלאָקייט פון הימלען זיך ציִען,
און טיף, אויך דעם וואָרצל אין דר׳ערד־אַריין שלאָגן —
צו קאָנען אמאָל נאָך דעם שטאָם אויף זיך טראָגן;
ווי קאָן עס, אז ס׳פעלט נישט קיין טוי און קיין רעגן
אויף אים, — אויסער טרוקענער שטויב פון די וועגן,
און ס׳טרוקענען אוים פאַר דער צייט נאָך, די בליטן,
וואָס נעמען פאַרדאַרט און פאַרחלשט זיך שיטן,
און ווערן ווי שטויב, פון די ווינטן געהויבן
— — — — — — — — — — — —
ווי קאָן מען דאָן זינגען? ווי קאָן מען דאָן לויבן ? !

## אָדע צו דער נאַקעטקייט

כ׳האָב ליב די נאַקעטקייט —
די נאַקעטקייט פון אדם׳ען,
וואָס טראָגט זיין פלייש און בלוט,
ווי לאָגלען אָנגעגאָסענע מיט גבורה,
און ער שפּאַנט אזוי און זוכט ווו אויסצולאָדן זיך,
און ווו אראָפּצוווארפן פון געביין, די לאסט
פון זיין צעשפּארטן כוח.

איך האָב ליב די נאַקעטקייט פון חוה׳ן —
חוה׳ס מוטער־נאַקעטקייט,
וואָס שמעקט מיט ליב־זשיוויצע,
ווי אַן אָפּגעשיילטער בוים אַן קאָרע;
חוה — ווען זי רונדיקט, רייפט און צייטיקט,
ווי אַן עפּל פונעם „עץ־הדעת״,
און ווארפט אויך אדם׳ען, דעם לייב,
צו אירע פיס אַנידער, ווי אַ לאָם.

און ליב האָב איך, דעם נאַקעטן געדאנק,
וואָס שפּיגלט אָפּ אין זיך דאָס הארץ
מיט יעדן ציטער, —
ווי א טייך א קלאָרער שפּיגלט אָפּ
די פארבן־גאַמען
פונעם זון־אויפגאַנג און זון־פארגאנג,
און אַלץ, וואָס ליגט צופוסנס אים,
און בייגט און נייגט זיך, איבער אים.

# אין־דער־טיף

אז מען גיט זיך אזוי א פארטראכט וועגן זין פון דער וועלט,
וועגן לעבן און טויט, וועגן מענטש, וואָס איז: אקס, אינדערמיט
פון זיין אייגענעם קרייז, אויף זיין אייגן פארנומענעם פעלד
פון געראנגל, פאר אָנהאלט און אויסהאַלט אויף אייגענעם שניט. —

אז מען גיט זיך אַזוי אַ פאַרטראכט— ווערט אַן אומזין דער זין
און דער שכל פון אַלץ, וואָס באַוועגט זיך, רעגט אָן און באַלעבט,
און מען ווערט ביי זיך קליין ווי א פליג אין דער נעץ ביי דער שפּין,
און מיט פעדעם פון ספקות, אזוי ווי מיט שפּינוועב פאַרוועבט.

און מען זעט זיך אַזוי, ווי מען וואָלט זיך נאָך קיינמאָל געזען
אין אייגענעם אָפּשיין פון שפּיגל, וואָס יעדערער האָט,
און מען האַלט אין איין פרעג־צייכנס שטעלן: צו וואָס, און צו ווען?
און די קלאָרקייט פאַרציט זיך מיט נעפּל, און נעפּל—מיט סוד;

און די פלאכקייט ווערט טיף, און די פּשוטקייט — נישט צו פארשטיין,
און דער סדר פון אַלץ—אומבאַשטימט ווי פון עפּעס וואָס וו ע ר ט,
און מען זעט אינעם אויפגאַנג דאָס ליכט פון א יעדעם פאַרגיין,
און אין אויפּבלי — דעם אָפּבלי, און ס׳קומען צוריק צו דער ערד.

אַז מען גיט זיך אַזוי אין־דער־טיף וועגן אַלץ אַ פאַרטראכט —
פליט די צייט, ווי א בליציקע פייל פונעם בויגן אוועק,
און מען זעט מיטאמאָל ווי עס הויערט די אייביקע נאַכט,
ווי זי פינצטערט אנטקעגן דעם טאָג, וואָס פאַלט צו, צו איר ברעג.

## א י ך

א י ך, און א י ך, אומאויפהערלעכער א י ך –
ווי לאנג מען איז אַ סוד פאר זיך אליין;
א מענטש וועט קיינמאָל נישט אַרויס פון זיך,
און קיינמאָל נישט צו קיינעמען דערגיין, —
ווי לאנג ער וועט די הייל פון זיין געביין
נישט דורכגיין, — צו דערגיין דעם וועג צו זיך,
און בלייבן פאר דעם גרעסטן וואונדער שטיין —
איז: א י ך, און א י ך, אומאויפהערלעכער א י ך.

# יוגנט

ווי אַ הירש אין דער נעץ פון אַ גאָלד־גרינעם וואַלד —
לויפט די יוגנט אַרום און לויפט דורך, און פאַרפאַלט,
און לאָזט איבער אַ גאָלדענעם שטויב אין־דער־לופט,
און אַן אָפּהילך אַ ווייטן, וואָס וועקט און וואָס רופט,
ווי געשאַלט וואָלט אַ האָרן ווו, ציטעריק, באַנג,
און מבשר געוועזן דעם העלסטן פאַרגאַנג,
און דעם סוף פון אַ יונג־בלאָנדן טאָג, פון די טעג,
וואָס זיי קערן זיך קיינמאָל נישט אום שוין פון וועג,
און פאַרגייען אַזוי ווי די זונען אין וואַלד —
ווו די יוגנט לויפט דורך ווי אַ הירש, און — פאַרפאַלט.

# געזעגענונג

ווי פריידיק ס'איז דאָס נאָענטע באַגעגענען, —
איז טרויעריק און שווער דאָס זיך געזעגענען.
געזעגענונג איז זון־פאַרגאַנג
און טויט, וואָס שטראַלט;
געזעגענונג איז—פּחד־שפּרונג
פון הירש אין וואַלד;
געזעגענונג, איז דעמערונג
און ווידער־קול,
און ס'פּייפן פון אַ פּייפּיאָל,
וואָס רופט די טשערעדע צונויף —
די נאַכט אין וועג נישט צו באַגעגענען,
נישטאָ קיין טרויריקערס ווי זיך געזעגענען.

# אַליין

ס'איז שווער צו זיין אַליין,
און אומשולדיק און ריין,
און דורכטראָגן דאָס לעבן,
ווי מען טראָגט אַדורך א קינד
א ציטעריקס, אן אָפּגעהיטנס
קעגן ווינט
און שטראָם, וואָס ציט,
און רייסט דעם שטילסטן
אויבעט מיט
אין שטורעם און געברויז,
וואָס שלינגט אים איין
און שפּייט אים אויס
אין מיטן וועג, —
ווי ס'שפּייט דער ים אַרויס
א טויטן אויפן ברעג.

*

ס'בינדט יעדן וואָס, ס'בינדט יעדן עפּעס, אָדער ווער.
נישט לייכט איז זיין א הפקר־מענטש, א וואַגאַבונד;
די איינזאַמקייט פאַלט אויך אויף א מתבודד שווער,
און ס'וויל זיך צובינדן צו וועמען — אויך אַ הונט.

זוכט יעדער איינציקער א נאָענטן זיך צו,
א שטיין אַן עלנטער, געפינט זיך אויך זיין שטיין,
א יעדער נויטיקט זיך אַמאָל אין שוץ און רו,
א יעדן שרעקט אמאָל דאָס זיין מיט זיך אַליין.

# אין־דער־נאַכט

ווי דער טאָג פאַלט אין שויס פון דער נאַכט —
פאַלן קעפּ אויך אריין אין איר שויס;
ווען וואָס נאָר בייטאָג ווערט געטראַכט —
וואַקסט ביינאַכט אַ סך גרעסער נאָך אויס.

כאָטש די נאַכט האַלט געשלאָסן און צו,
כאָטש די נאַכט האַלט די אויגן פאַרמאַכט, —
איז דאָס זינקען אין שלאָף, נישט קיין רו,
נאָר אַן אָפּרו אין קאַמף און אין שלאַכט.

אין־דער־נאַכט הייבן שטורעמס זיך אויף,
און דער פיבער ביי דעם, וואָס איז קראַנק;
אין־דער־נאַכט זעט אַ מענטש דעם פאַרלויף
און סך־הכּל פון יעדער פאַרגאַנג.

אין־דער־נאַכט איז מען פול מיט באַגער
און פאַרלאַנג אויסצולעבן זיך פריי;
אין־דער־נאַכט איז מען פול מיט געהער
צום געקלאָג פון אַ יעדן בעל־חי.

ס׳איז די נאַכט פול מיט פּחד און סוד,
און מיט אויפבליץ פון העלסטן געדאַנק;
אין־דער־נאַכט זוכט אַ גאַטלאָזער—גאָט,
און אַ דיכטער — זיין אייביק געזאַנג.

# אַ דיכטער — אַ זינגער

יצחק יאַנאַסאָוויטש

א דיכטער איז א זינגער — דאַרף ער זינגען,
זינגען ווי דער פויגל — מאַי,
נאָר ס'וועט דער שענסטער זינג־פויגל ,פאַרשפּאַרט —
נישט זינגען, ווי אים זינגט זיך אויף־דער־פריי.

געזאַנג דאַרף רוים, דאַרף פרייהייט,
און געזונטע לופט, וואָס ריין איז, פריש,
און ס'דאַרף א דיכטער ווען ער „גייט צו ליד"—
אַן אָפן פענצטער און א ריינעם טיש,
אַ ריינע פעדער, און א ריינעם טינט,
און ריין־זיין דאַרפן מער פון אַלץ ביי אים — די הענט —
ווי בעתן אָפּנעמען א ניי־געבוירן קינד.

יצירה איז געבורט,
געבורט און וועלט־באַשאַפונג,
וועלט אָן צוימען,
וועלט אָן גרענעצן
און אָן פאַרשקלאַפונג
פון דאָס הייליקסטע: דער מענטש און ס'וואָרט,
וואָס ביידן האָט פאַרשוועכט זיי, קינס ערשטער מאָרד.

תל־אביב, 1951

# מיין יוגנט

ס'איז היינט פאר מיר מיין יוגנט דורכגעלאָפן,
ווי א יונגער הירש מיט בלוט פארגאָסן,
דורכגעלאָפן — דורכגעשאָסן
פון אַ בייזער, הייסער קויל —
האָט רויטער שוים ביי אים געזעצט
פון נאָז און מויל,
און שקיעה — פון די אויגן אים גערונען,
און אַזוי אין לויף, —
די הערנער־קרוין די גאָלדענע פארלוירן,
און אין יונגן וואלד — דעם טויט געפונען.

תל־אביב, 1933

# מײַנע טעג און יאָרן

זע איך אַלע מײַנע טעג און יאָרן אויסגעשטעלט:
נאָכן שניט שוין — סנאָפּעס זאַנגען אויף אַן ענדלאָז פעלד, —
שטייען זיי אין טרויער צוגעפאַלן סנאָפּ צו סנאָפּ,
ווייל עס נעמט זיי קיינעמס האַנט נישט פונעם פעלד אַראָפּ,
ווי מען וואָלט פאַרגעסן זיי, געלאָזט זיי פאַרן ווינט,
וואָס ער וועט זיי סוף־כּל־סוף צעטראָגן בינט נאָך בינט,
און צעבינדן זיי, צעשיטן ביזן לעצטן זאנג, —
אָפּגעשלאָגענע און אָפּגעדראָשענע פון לאַנג,
אָפּגעדראָשן, נישט פאַר מיין און קיינעמס נוץ און צוועק, —
אָט אַזוי ווי ס׳גייט דאָס גאַנצע לעבן מײַנס אַוועק.

# איבער טייכן . . .

איבער טייכן זילבערנע,
הענגען בריקן גאָלדענע,
אויפגעריסן, אין־דער־לופט,
ווי פון שונא׳ס בייזער האַנט.

אַט די בריקן זענען מיין —
כ׳האָב אַליין געוואָרפן זיי,
ווען מיין אויג געווען איז העל
מיטן בלאָ פון חלומען.

אַט די בריקן זענען מיין —
כ׳האָב זיי דורכגעריטן ווען,
דורך, ווי אויף א ראָזן פערד
אין א יונגן פרילינגס־טאָג.

הענגען זיי איצט גאָלדענע
איבער טייכן זילבערנע,
הענגען, ווי צעפעדעמט זייד
פון שפעט־זומערדיק געוועב.

## ס׳זינגט זיך מיר נישט

1

עפּעס זינגט זיך מיר נישט לעצטנס, האָב איך אפשר אָפּגעזונגען?
ווו און ווען האָט ס׳לעצטע שוואַנען־ליד מיינס ערגעץ אָפּגעקלונגען?

אָפּגעזונגען — טאָ פון וואַנען נאָך אין מיר דער יוגנט־ציטער,
און דער פלאַטער, און דער אומרו פון א פויגל פאַר געוויטער.

טאָ פאַרוואָס נאָך א קאַפּריזנער, אַ פאַרבענקטער, א באַטריבטער,
און נאָך אַלץ א בעל־חלומות, און נאָך אַלץ אַזאַ פאַרליבטער?

זענען דאָס נאָר פייער־פונקען? בין איך אָפּגעבליט געוואָרן?
בליען שוין נישט מיינע אויגן. ווי די בלימעלעך אין קאָרן?

עפּעס ווילט זיך מיר נישט גלויבן, אַז איך האָב שוין אָפּגעזונגען,
אפשר האָט עס בלויז אַ קאָסע אויף אַ פעלד ווו אָפּגעקלונגען? . . .

2

ס׳זינגט זיך שוין נישט ווי דער פויגל פריי,
ס׳איז דער פרילינג מיינער שוין פארביי,
ס׳האָט מיט מיר — דאָס ליד מיינס אָפּגעבליט,
קלאָגט עס אזוי הארבסטיק, באנג און מיד,
קלאָגט זיך עס מיט יעדן טאָן און קלאַנג,
אז עס הערט די טריט שוין פון פארגאנג,
אז עס זעט, ווי ס׳דעמערט, שאָטנט שוין,
אז עס פילט אין וואָרט — א שווערן שטיין,
און אין פערז, וואָס ווערט מיר ענגער אלץ —
נאָר א שטריק, פארוואָרפן אויף מיין האלדז.

# בײַ דיר און בײַ מיר

משה שימעלין

בײַ דיר אין לאַנד איז פרילינג איצט, און דו—א סאָלאָווײ,
בײַ מיר אין לאַנד איז האַרבסט שוין, האַרבסט, און האַרבסטיק
דאָס געזאַנג,
און ווי עס פרײט מיך אַלץ, וואָס יונג איז, טוט עס אויך מיר ווײ.
ווי ווײטאָקלעך פאַר וועמען ס'איז דאָס אַנען פון פאַרגאַנג . . .

נאָר וויפל ס'זאָל נישט טאָן מיר באַנג דאָס אַלץ, און זײַן א שאָד,
און וויפל כ'זאָל נישט בענקען נאָך מײַן יונג און וואַרעם ליד —
פאַרגנבע איך זיך שטיל אַזוי אַרײַן צו דיר אין סאָד
צו זעען ווי דײַן באַרנבוים און עפּלבוים צעבליט . . .

און כ'אָטעם אײַן די ריחות, וואָס עס שלאָגט פון זײ אַרויס
און טריפן טראָפּנווײַז פון יעדן בלעטל זיס אַראָפּ,
און כ'טרינק ווי אַ פאַרחלשטער, וואָס גײט פון דורשטן אויס,
דעם פרישן, בלאָען טוי, וואָס ליגט איצט אויף דײַן גוטס און האָב...

און כ'הער זיך אײַן צו יעדן רויש, צו יעדן שאָרך און קלאַנג,
ווי כ'וואָלט צום אײגן קלאַפּן פונעם האַרץ זיך צוגעהערט,
און ס'דאַכט זיך מיר, אַז דײַן געזאַנג איז, ברודער, מײַן געזאַנג,
וואָס הענגט נאָך ווי אַן אָפּקלאַנג, נישט געפאַלן צו דער ערד . . .

בײַ דיר אין לאַנד איז פרילינג איצט און דו — א סאָלאָווײ,
דו וואַרעמסט נאָך דײַן אײגן וואָרט, און ס'וואָרט דײַנס וואַרעמט דיך;
בײַ מיר איז האַרבסט, וווּ אַלץ פאַרגײט, וווּ איך אַלײן פאַרגײ
און נעם פאַרגײענדיק, אַ וועלט, אַ גאַנצע וועלט — מיט זיך.

# ד ר י י ס י ק

דרייסיק יאָרן . . . דרייסיק יאָרן . . .
עך, ווי ווייט שוין אָפּגעפאָרן !
וויפל וועג געלאָזט פון הינטן?
וויפל הייסע, קאַלטע ווינטן,
וויפל נעפּלען ראָזע, בלאָע,
וויפל שווערע הימלען גראָע,
וויפל וואָלקנס און געוויטער,
וויפל אויפבליץ, וויפל ציטער,
וויפל פעלזן, שטיינער, גריבער —
שוין אדורך, פאַרביי, אריבער,
ווי ס'וואָלט נעכטן ערשט געוועזן —
פרילינג.... בליעכץ... רייץ פון בעזן
און — צעשאָטן שוין, צעגאַנגען,
ווי די אָפּקלאַנגען פון קלאַנגען:
דרייסיק... דרייסיק... דרייסיק יאָרן...
עך, ווי ווייט שוין אָפּגעפאָרן !

# דרייסיק ליכט

. . . האָבן יענע נאַכט אַרום מיין בעט
פון זיך אַליין, זיך אָנגעצונדן דרייסיק ליכט,
און דרייסיק פלעמלעך האָבן זיך צערעדט,
צערעדט זיך אין־דער־פינצטער וועגן מיר,
נאָר שטיל, אַזוי בסוד, איך זאָל נישט הערן
און נישט זען זיי — צעשאָטנט — דרייסיק אויף די ווענט;
נישט זען, ווי עס טריפן חלב'ענע טרערן,
און נישט הערן, ווי עס קנאַקט,
ווי ס'וואָלטן זיך פאַרבראָכן דאַרע הענט,
און — איינגעשלאָפן בין איך, ווען עס האָבן
דרייסיק ליכט געהאַט שוין אויסגעברענט . . .

# מיינע איבער פערציק יאָר

כ׳גלויב אַליין נישט, אַז איך בין שוין אַלט אַריבער פערציק יאָר,
כ׳גלויב נישט, כאָטש עס זאָגן מיר דאָס עדות מיינע גראָע האָר,
גראָ, ווי פעדעם זילבערנע אין מיינע קאַרבן וואָס איך האָב,
ווי כ׳זאָל טראָגן דאָס געוועב פון שפּעטן זומער, אויף מיין קאָפּ.

דאַכט זיך, נעכטן ערשט—געקלאָגט זיך אויף מיין לעבן
אויף מיין יונג, —
ווי אַזוי זשע האָב איך מיט אַמאָל געטאָן עס אַזאַ שפּרונג,
ווי אַ הירש אַ נאָכגעשאָסענער אין סאַמע לעבנס־פרייד,
נאָכגעשאָסן און פאַרוואונדעט, אָבער — נישט געפאַלן טויט !

כ׳גלויב אַליין נישט, אַז איך בין אַריבער פערציק יאָר שוין אַלט.
ווי אַ הירש פון וואַלד פאַרטריבן — בענק איך אַלץ צוריק צו וואַלד,
און כ׳בין אַלץ נאָך פול מיט ליבע־ציטער און מיט ליבע־צער,
און נאָך אַלץ נישט איבער זיך אַליין, דער הערשער און דער האַר.

דאַכט זיך, נעכטן ערשט—געקלאָגט זיך, אַז איך פיל מיין יונג פאַרגיין!
דאַכט זיך, נעכטן ערשט — און היינט געבליבן בין איך לענגער שטיין
פאַרן שפּיגל, און באַטראַכט דעם נס מיט מיינע גראָע האָר,
און באַוואונדערט זיי, און מער נאָך — מיינע איבער פערציק יאָר.

# נישט שוואַך

נישט שוואַך בין איך, נישט שוואַך
(ווי כ׳האָב אַ לעבן זיך געקלאָגט)
נאָר שטאַרק, ווי שטאָל און אייזן, שטאַרק, —
אַז, ס׳האָט מיך נישט דערדריקט ביז איצט, דער באַרג
דער שטיינערנער, פון פּיין און לייד;
אַז, ס׳האָט מיך נאָך ביז איצטער נישט דעריאָגט
און נישט פאַרלאָפן מיר ביז איצט דעם וועג—דער טויט;
און כ׳בין נישט שוואַך, אַז כ׳האָב אין צער,
אין צער פון זיך, פון יעדן און פון אַלץ —
ביז איצטער נישט פאַרוואָרפן זיך אַליין
די פּעטליע אויפן האַלדז;
און שטאַרק בין איך (און אפשר איז עס בלויז אַ נס) —
אַז כ׳האָב ביז איצטער אויסגעמיטן קינ׳ס האַנט;
און אפשר, בין איך גאָר אַ לעבעדיקער מת
ביי זיך אין דיכטער־לאַנד,
וווּ כ׳גיי מיט אויגן אָנגעגאָסענע מיט שקיעה, ווי מיט וויין,
און זינג אין אים פון אונטערגאַנג פון בלוטיקן, קאָן זיין? . . .

**תל־אביב, 1942**

# אייביק

כ׳וואָלט געהאַט שוין גענוג,
כ׳האָב פאַרשפּילט שוין פון לאַנג,
נאָר, איך גיי נאָך אַ צוג,
נאָר, איך גיי נאָך אַ גאַנג.

אייביק, — הייב איך ערשט אָן
אויפדאָסניי איינגעשפּאַרט,
מיט אַ לעבן אין קאָן
איינגעשטעלט — אויף האַזאַרד.

אייביק, האָף איך און שטרעב
נאָך צו זיין אומעטום,
און איך שווים, און איך שוועב
ווי אין נעפּלען אַרום.

אייביק, דורשט איך און בענק,
אייביק, גאַר איך נאָך פרייד,
און איך חלום און הענג
צווישן לעבן און טויט.

אייביק, שריי איך: גענוג!
כ׳האָב פאַרשפּילט שוין פון לאַנג!
און איך גיי נאָך אַ צוג,
און איך גיי נאָך אַ גאַנג.

# פייערלעכער טרויער

אויסגעזונגען שוין דעם גרינסטן פרילינג,
אויסגערויכערט שוין דעם בלאַסטן חלום, —
לעב איך דורך דעם פייערלעכסטן טרויער :
האַרבסט.

זיצן טעג מיט מיר אויף שוועלן גאָלדענע,
און ס'זיצן נעכט מיט מיר אויף שוועלן זילבערנע,
און רעדן אַלטע קלוגע רייד צו מיר,
פון וואָס עס טריפט מיט קילן שטאַרקן וויין :
עס איז דער אויפגאַנג בין־השמשות'דיק,
און אַלץ, וואָס קומט, איז נאָר אויף דורכצוגיין,
און אַלץ, וואָס גייט אַוועק, איז שיין און נאָנט פון ווייט,
און ס'צינדט א ליכט זיך אָן —
ווען ס'לעשט א ליכט זיך אויס...

טרייסטן טעג און נעכט מיך אָט אַזוי,
און ס'פאַלן רייד, ווי בלעטער פונעם בוים,
און לייגן זיך אַוועק פאַר מיינע פיס,
און שטאַרבן מיט א שטראַלנדיקן טויט.

אויסגעזונגען שוין דעם גרינסטן פרילינג,
אויסגערויכערט שוין דעם בלאַסטן חלום —
לעב איך דורך דעם פייערלעכסטן טרויער:
האַרבסט.

# ווי העל, ווי גרויס

ווי העל, ווי גרויס איז די לבנה היינט,
ווי זילבער־בלאָ, ווי דורכזיכטיק איר שיין —
ווי שלאָפט מען אונטער אָט אַזאַ לבנה איין ?
ווי שלאָפט מען איין, ווען ס׳אויג איז פול מיט ליכט,
און ס׳האַרץ — מיט פּיין ?

ווי שלאָפט מען איין, ווי שלאָפט מען איין —
ווען ס׳ציען פאַר די אויגן שוין פאַרביי,
ווי בילדער אויפן לייוונט פון עקראַן:
געלאָדן קאַראַוואַן נאָך קאַראַוואַן
מיט יאָרן, ווי די מילגרוימען, מיט טעג,
וואָס יעדער טאָג איז אַ פאַרמעג,
אַן אוצר, וואָס מען האָט אַליין פאַרשווענדט,
אַליין, אַליין —
צעביטן גרויס אויף קליין,
געוואָרפן איידל־שטיין, אויף פעלזיק רויען שטיין,
און מיטן פייער פון דער זון — געצונדן און געברענט
פאַר גליק, פאַר יוגנט־גליק,
געריסן בריק נאָך בריק,
געוועזן זיך אַליין דער גרעסטער פיינט.
און היינט ? און היינט ?
— — — — — — — — —

ווי גרויס, ווי העל איז די לבנה היינט !
ווי זילבער־בלאָ, ווי דורכזיכטיק איר שיין !
ווי שלאָפט מען אונטער אָט אַזאַ לבנה איין ? !

תל־אביב, 1933

# לעבן מיינס

לעבן מיינס, נישט אויסגעלעבט!
איך זע דיך פון דער געפּלדיקער ווייט,
ווי כ׳וואָלט געזען אַן אָפּגעריטענעם,
וואָס רייט
און טרייבט דאָס פערד זיינס אין גאַלאָפּ —
אַרויף, אַראָפּ,
באַווייזט זיך און פאַרשווינדט,
באַהאַלט זיך אין א וואָלקן שטויב אין ווינט,
דאָ — גלייך, און דאָ — זיגזאַגיק ווי אַ שלאַנג —
אַזוי־אָ פירט דער וועג דיך, און דו פליסט
אַריין אין זון־פאַרגאַנג,
און ס׳צינדן זיך און לעשן זיך און מידניען
בליצלעך שטאָלערנע, פון פּאָדקאָוועס, באַשטראַלט
פון ליכט, און בלאַנק ווי ס׳זענען העק
ביים האַקן וואַלד;
און כ׳הער בלויז, לעבן מיינס, נישט אויסגעלעבט —
נאָך דיר און נאָך דער צייט — דיין פערד:
א ווייטן, טויבן, טעמפּן טאָפּאָט,
ווי פון שיטן שווערע רידלעם ערד.

תל־אביב, 1935

# אַזאַ צייט

ס׳איז פֿאַראַן אַזאַ צייט, ווען מען פֿילט נישט די צייט,
און מען זעט נישט ווי ס׳שטאַרבן צופֿוסנס די טעג,
און מען לאָזט זיך נישט טיף, און מען לאָזט זיך נישט ווייט
צום פֿאַרגאַנג, ווו א מענטש גייט אויף אייביק אוועק.

און פֿאַראַן איז אַ צייט ווען מען פֿילט זי אַזוי,
ווי דאָס אייגענע ז יי ן, ווי דעם אייגענעם טראָט,
און מען זעט דעם פֿאַרגאַנג, א פֿאַרגאַנג, וואָס טוט וויי,
ווי ביים זען דאָס אַרויספֿירן פֿרוכט פֿון א סאָד.

אַזאַ צייט איז ביי מיר, און איך פֿיבער זי דורך
מיט דער היץ פֿון א טאָג אין סוף־זומער אין פֿעלד;
ס׳איז א צייט, ווען דאָס ווייטסטע ווערט נאָענט און ליב,
ווי ביי איינעם, וואָס קוקט מיט פֿאַרגאַנג, אויף דער וועלט.

פּאַריז, 1937

# מיך שרעקט

מיך שרעקט שוין יענער טאָג, צי יענע נאַכט,
ווען כ׳וועל אין זינגענדיקן, דיכטערישן גאַנג,
ווי שטענדיק — זיך אראָפּלאָזן אין שאַכט
פון מיין געמיט —
אויף אויסהאַקן אין אים, ביים ליכט פון מיין געדאַנק —
אַ ליד,
אַ ליד פון ליבע, אָדער האַס,
אַ טאַדל, אָדער לויב־געזאַנג,
און—כ׳וועל שוין פאַרן ליד מיין נישט ארויסשלאָגן
אַפילו נישט קיין ציטער פון אַ קלאַנג,
פאַר דאָס, וואָס רופט זיך: וווּנדער, אָדער—נס,
און וועל אַרויסקומען פון זיך אַזאַ,
וואָס איז געגליכן צו אַ לעבעדיקן מת.

תל־אביב, 1938

# חלומות מיינע

חלומות מיינע ליכטיקע און גרויסע ! —
כ'האָב אייך קיינס נישט אויף־דער־וואָר דערקענט,
ווי בלאָע פייערן אַרום מזבחות —
האָט איר פרום און גלויביק אויסגעברענט.

איצט טליעט איר חלומות, ווי די שייטערס,
און איר רויכערט, רויכערט פויל און לאנג,
און ס'לעקט דער רויך די בין־השמשות־ראַנדן
פון מיין העלסטן, זוניקסטן פארגאנג.

און ס'לעשן זיך און טונקלען מיינע הימלען,
וואָס געזען האָב איך נאָר בלאָ און ראָז,
ווי ס'זעט א בעל־חלומות, און א קינד —
ווען ס'קוקט אויף אַלץ דורך פארביק גלאָז.

עס מעג אמאָל און ס'דאַרף אמאָל א גרויסער
אויכעט זיך א שפּיל־טאָן ווי אַ קינד,
און בויען אינדערלופט די שלעסער זיינע,
און אַליין — זיך אָנשפּאַרן אָן ווינט . . .

חלומות, וויפל האָב איך אייך געהאַט שוין !
וויפל האָט איר מיך געמאַניעט און פארבלענדט !
ווי בלאָע פייערן אַרום מזבחות —
האָט איר פרום און גלויביק אויסגעברענט.

# האַרבסט

ס'איז לאַנג לאַנג שוין האַרבסט ביי מיר. שוין לאַנג
ווי ס'גייען אויף די טעג מיינע,
מיט טרויעריקער שיינקייט פון פאַרגאַנג,
און ס'זענען הימלען ווי פאַליטרעס פאַרבן —
אויף צו מאָלן ווי דאָס לעבן וויל נישט שטאַרבן.

...לאַנג שוין האַרבסט ביי מיר. שוין לאַנג
ווי ס'קלינגען מיר די נאָנטסטע לידער —
ווייט און טיף, און באַנג,
און ציטעריק ווי ס'אויסגיין מיט געשאַל
פאַרנאַכט־צייט אין אַ וואַלד, אין בלעטער־פאַל.

תל-אביב, 1939

# סך־הכל־ליד

איך זינג אַצינד דאָס טרויריקסטע געזאַנג:
סך־הכל־ליד פון אייגענעם פאַרגאַנג,
דאָס אייגן אונטערציען אונטער זיך
דעם אונטערשטן, דעם לעצטן שוואַרצן שטריך.

דער חשבון מיינער איז נישט גרויס, ווי — שווער,
כ׳האָב שולד, נאָר שולדיק איז מען מיר פיל מער,
מיר קומט אַ סך, נאָר כ׳לאָז דעם חשבון שטיין,
ווייל כ׳קאָן נישט מאָנען מער פאַר זיך אַליין.

תל־אביב, 1942

# מיט פינאַל

איך זינג נאָך ווען־ניִשט־ווען אַ ליד,
נאָר ס׳קלינגט שוין דאַכט זיך מיט פינאַל,
מיט אויפריים, ערב איבעררייס,
מיט פייערלעכן טויט־געשאַל,
מיט טיף פאַרנייגן זיך,
מיט פאַל
אין טונקל טיפן הינטערגרונט,
ווי ס׳פאַלט אין האָריזאָנט די זון
אַ גליאיק רויטע, ווי אַ וווּנד,
און בלוטיקט, בלוטיקט, בלוטיקט אויס
דעם אונטערגאַנג — אין מיין געמיט.

איך זינג נאָך ווען, נאָר ס׳איז מיין ליד שוין
דאַכט זיך מיר — דאָס שוואַנען־ליד.

תל־אביב, 1942

## באַרג־אַראָפּ

ניִשט דערגרייכט דעם באַרג־אַרויף —
גיי איך שוין דעם באַרג־אַראָפּ,
און עס איז שוין ניִשט פאַרריסן,
נאָר אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ;

ס'איז דאָס גיין, שוין ניִשט דאָס גיין
מיטן הילך פון מונטערגאַנג,
נאָר, דאָס פאַלן ווי אַ שטיין
צו דעם ראַנד פון אונטערגאַנג.

ניִשט דערגרייכט דעם באַרג־אַרויף —
גיי איך שוין דעם באַרג־אַראָפּ,
און עס פלאַטערט איבער מיר
ניִשט דער אָדלער, נאָר דער ראָב.

**תל־אביב, 1945**

# איבער מיר

עס פֿאַלט די זון שוין איבער מיר און פֿאַלט,
עס נויגט זיך שוין דער טאָג מיין צום פֿאַרגאַנג,
עס שטייט אין פֿלאַמען שוין און ס׳ברענט דער וואַלד,
ווו איך האָב געלערנט־ווען געזאַנג
ביי פֿייגל אויף די צווייגן,
און ביי טיפֿער וואַלד־שטילקייט — געלערנט שווייגן,
און פֿאַרנעמען יעדן שאָרוו און שאָרך,
א יעדן ציטער,
וואָס מאַכט פֿול מיט אומרו,
ווי מיט אַנזאָג אויף געוויטער.

תל־אביב, 1945

# נישט ווילנדיק

ס'איז טרויריק צו טראַכטן אַזוי, נאָר נישט ווילנדיק טראַכט זיך,
נישט ווילנדיק ווערט מען באַהערשט פון געפיל, און באַוועגן
צו זען זיך אַמאָל, ווי עס זעט זיך אין וואַסער — אַ ווערבע,
און — רואיק אַריינקוקן, אויכעט דעם טויט אין די אויגן.

ס'איז טרויריק צו טראַכטן אַזוי, ווי ס'איז טרויריק דער אמת,
וואָס האָט פון דער מאַמען אויף מיר זיך אַריבערגעטראָגן,
און כ'האָב זיך אַ לעבן געשלאָגן מיט אַלע, פאַר אַלע,
נאָר ס'האָט, ווי מיר דאַכט זיך, נישט קיינער פאַר מיר זיך געשלאָגן.

ס'איז טרויריק צו טראַכטן אַזוי, און צו זען אַלץ אין שוואַרצן,
און זיך — אַזוי הילפלאָז פאַרלוירן, ווי איינס פון אַ סטאַדע,
נאָר כ'קאָן זיך נישט העלפן ! מיין אויג איז מיט שקיעה פאַרגאָסן,
און כ'גלויב, אַז עס איז שוין מיין אייגענע שקיעה אוודאי.

**תל־אביב, 1945**

## ווי געוועז

נישט געהאָלפן האָט מיין האסן;
נישט געהאָלפן האָט מיין ליבן;
כ'בין אויף אַלע וועלט־יאַרידים,
איינזאַם ווי געוועזן — געבליבן;
כ'האָב מיט קיינעם נישט דערדעדט זיך,
זיך צו קיינעמס האַרץ דערשלאָגן, —
איז מיר דאַכט זיך נישט געבליבן
מער שוין, וואָס דעם מענטש צו זאָגן,
און עס בלייבט מיר ווידער מער נישט
ווי — אומהיימלעך שווער צו שווייגן,
און פאַרביסן ווי אַ שטומער —
אַלץ און אַלעמען פאַרבייגיין
מיט דער גלייכגילט, מיט דער קאַלטער,
פון אַ קריעה אייז, געטראָגן
פון אַ שטראָם, וואָס וויל אים ערגעץ
אָן אַ האַרטן פעלז צעשלאָגן.

**תל-אביב, 1946**

# אין דער צוועלפטער שעה

כ'האָב שוין גאָר און קיינעם צו דערוואַרטן,
ס'קאָן שוין גאָרנישט מער געשען ביי מיר,
ס'האָט די צוועלפטע שעה מיינע געשלאָגן,
און איך קאָן פאַרמאַכן שוין די טיר.

ווער וועט ברענגען מיר אין נאַכט א בשורה,
וואָס זאָל אויפליכטן אין מיר מיט טאָג,
און מיט גלויבן, אַז כדאי איז געבן
פאַרן מאָרגן — אַלץ וואָס איך פאַרמאָג? . . .

כ'פיל, אַז כ'האָב שוין נישט אויף וואָס צו וואַרטן,
כ'וואַרט שוין אויך נישט קיינעם אָפּ אַצינד;
אין א שפּעטער צייט אַזאַ, אין חשכות,
קאָן צו מיר נאָר טרעפן אין־דער־בלינד:

ווינט, וואָס טאַפּט אַרום די ווענט אינדרויסן,
פּרוווט די לאָדן, ס'פענצטער און די טיר,
וויינט און רייסט זיך, ווי א הונט א בלודנער
וואָלט געוואָלט אין נאַכט אַריין צו מיר.

תל־אביב, 1947

## צוריק...

ווען כ'וואָלט געקאָנט דיך שפּאַנען, צייט,
דיך שפּאַנען ווי אַ פערד אין וואָגן, —
וואָלט איך שוין געפאָרן איצט צוריק פונעם יאַריד,
פון וועלט־יאַריד,
ווו כ'האָב ביז איצט זיך פאַר אַ שטיקל אָרט געשלאָגן,
און פאַר בעטל־געלט פאַרקויפט אמאָל אַ ליד.

צוריק, צוריק שוין פון יאַריד,
צוריק מיט ליידיקן פון דאָרט,
ווו פול בין איך אהין געפאָרן,
פול מיט שפע פונעם רייפסטן שניט
פון מיינע העלסטע, זינגענדיקסטע יאָרן.

צוריק, צוריק שוין פונעם וועלט־יאַריד,
(אַזאַ צוריק איז שטענדיק: באַרג־אַראָפּ)
און שטענדיק שווערער ווי דער באַרג־אַרויף —
ווייל ס'ברעכן זיך די פיס,
וואָס לויפן נאָכן ריס
פון שטיין,
און לויפן מיט —
דעם אָפּגרונטיקן לויף.

**תל־אביב, 1947**

# צו די יונגערע פון מיר

פאַראויס! פאַראויס! — איר יינגערע פון מיר,
כ׳וועל אונטערקומען, אונטערקומען מיט מיין ליד,
כ׳האָב אויך אמאָל געברענט אַזוי ווי איר,
און בין פון לויפן און פון מיטלויפן שוין מיד.

כ׳בין דורכגעגאַנגען שוין האַלב־וועגס כמעט,
האַלב־וועגס — אַ לעבן פול מיט פיין און מיט געשלעג
פאַר אַלע די, וואָס זענען זעלטן זאַט,
און פינצטער זענען ווי די נעכט ביי זיי — די טעג.

איך גיב נישט אויף דעם קאַמף און דעם געדאַנק
פון וועלן זען אַ וועלט — ס׳זאָל זיין כדאי
צו לעבן און צו זינגען דאָס געזאַנג,
וואָס זינגען קאָן עס נאָר אַ פויגל אויף־דער־פריי.

פאַראויס! פאַראויס! — איר יינגערע פון מיר,
כ׳וועל אונטערקומען, גייט, איך קאָן דעם וועג שוין גוט,
עס האָבן דורות פיל, ווי איך און איר —
שוין אויסגעטראָטן אים, געצייכנט אים מיט בלוט.

נישטאָ, נישטאָ קיין אַנדער וועג פאַר די,
וואָס קאָנען מיט אַ וועלט אַזאַ נישט משלים־זיין;
פאַר די, וואָס ווערן אַלט אין פולסטן בלי,
און האָבן צו פאַרלירן נאָר די קייט פון פיין.

# אינהאַלט:

## אין אָפּגאַנג